שול - און פּיִאָנערן - ביִבליִאָטעק

ל. סאוועליעוו

# די נאכט פון דעם ראטנ־צוזאמענפאָר

יִדיש—ד. ל—קיס





№ 84

מעלוכישער נאצמינדפארלאג
באם פּרעזידיום פון־ ווציק
כארקאָוו 1932 קיִעוו

די ביבליאָגראפישע פארצייכענונג
פונעמ בוכ אונ די שיפערנ פאר
ביבליאָטעק־קאטאלאָגנ זײַנענ אָפגע־
דרוקט אינ „צײַטשריפט פונ דרוק" אונ
אינ דעמ „קאורטנ־רעפערטואר" פונ
דער אוקראינישער ביכער־פאלאטע.

טעכ-אָנפ. — א. בורגאנסקי
קאָרעקטור — כ. לייבאָוויטש
איבערגעבנ צומ זאצ 5/I-32
דערלויבט צומ דרוק 10/V-32

אינטערנאציאָנאלע דרוקערײַ
קיעוו, רויטער פלאצ 2a. באשט. נ. 33 4,5 בו גנ
3 000 עקז. שטאָטליט 2583

# I. אין אָקטיאַבער 1917 יאָר

## דער בריוונטרעגער

דער בריוונטרעגער האָט אָפּגעגעבן די בריוו דער דעזשור־נעם מיטגליד פון ראַט. דער גרויסער באַרג בריוו האָט פאַר־וואַלגערט דעם גאַנצן טיש: גרויסע גראָבע קאָנווערטן מיט אָנשריפטן „רעקאָמענדירט”, באַנדעראָלן, פּאָוועסטקעס, פּאָסט־קאַרטלעך און גלאַט קליינע שטיקלעך פּאַפּיר מיט קרומע שורעלעך, אָנגעקאָרפּעטע מיט אַ בלייער. אַסאַך פון די בריוו זײַנען געווען אָן מאַרקעס. אויף אייניקע קאָנווערטן איז געווען אָנגעשריבן און אונטערגעשטראָכן: „עקסטרע”, אָדער „געהיימ”, אָדער „אָפּגעבן צו די הענט”.

— מע קען דאָ באַ אײַך אַביסל זיך אָפּרוען? — האָט דער בריוונטרעגער געפרעגט.

— ר[illegible]ט, כאַווער, וויפל ס׳וועט אײַך אײַנפאַלן, — האָט גע־ענטפערט דער מיטגליד פון ראַט — אין אַ וועלגערישן שינעל מיט אָפּגעריסענע קנעפּלעך.

ער האָט גענומען פאַנאַנדערקלײַבן די בריוו. ער האָט צע־ריסן אײַן קאָנווערט, און די לעצטע שורעס פונעם בריוו האָט ער איבערגעלייענט אינדערהויך:

„אויב דער פּעטראָגראַדער ראַט וועט ניט אויפהערן אונטער־צוהעצן די סאָלדאַטן צו ענדיקן די מילכאָמע און רופן די

ארבעטער צו אַן אופשטאנד, איז מיר, די „נעקאָמע־נעמער פונ פּאָטערלאנד״, וואָרענעט אײַך, אז אינ א וואָך ארום:

וועלנ מיר אופרײַסנ סמאָלנע מיט א טײַוולשער מאשינ, אז קײנ שטײנ אפ קײנ שטײנ וועט ניט בלײַבנ.

די באָלשעוויסטישע פירער וועלנ מיר דערשיסנ.

מיר גיבנ אײַך דרײַ טעג צײַט. אינ דרײַ טעג ארום וועט שוינ די טײַוולשע מאשינ שטײנ אינ סמאָלנע.

„די נעקאָמע־נעמער פארנ פּאָטערלאנד״.

— אונ איר האָט ניט מוירע, זײ זאָלנ אפ אַן עמעס טאקע אופרײַסנ סמאָלנע? — האָט געפרעגט דער בריוונטרע־גער.

— מע דארפ פריִער קענענ! — זײ ווילנ פּאָשעט אונדז אָנ־שרעקנ. אלע טאָג באקומענ מיר אזעלכע בריוו אינ די צענ־דליקער... די וואכ איז בא אונדז א זיכערע. זי גיט גוט אכטונג!

— פארוואָס האָבנ די בורזשויענ־פײַנט סמאָלגע?

— דערפאר, וואָס די ארבעטער אונ סאָלדאטנ שטײענ מיט לײַב אונ לעבנ פארנ ראט, זײ ווײסנ, אז דער ראט וועט זײ ניט פאראטנ.

— ווענ וועט זיכ עפענענ דער צוזאמענפאָר פונ די ראטנ?

— דעמ 25־טנ אָקטיאבער.

— ס׳וועט זיכ שוינ אמאָל ענדיקנ די פארשאָלטענע מיל־כאָמע?

— ווי באָר די ראטנ וועלנ נעמענ די מאכט.

— אפ וועלכנ טאָג איז באשטימט דער אופשטאנד?

— איכ ווײס ניט.

— גוט, כאווער, איך האָב שוין אָפּגערוט. איצט וועל איך גיין ווײַטער. ווען דער אופשטאנד וועט פאָרקומען, פאַרגעסט ניט אָן מיר. עפשער וועל איך אײַך צונוץ קומען.

— מיר וועלן ניט פארגעסן. גייט געזונט, כאווער.

די מײַסע איז פאָרגעקומען אין ערשטער העלפט אָקטיאבער 1917 יאָר. אלע האָבן פארשטאנען, אז קיין צוזאמענשטויס וועט מען ניט אויסמײַדן. פון איין זײַט: די בורזשואזיע — קערענסקיס צײַטווײַליקע רעגירונג — דער ווינטער־פאלאץ; פון דער צווייטער זײַט: די ארבעטער — דער ראט — סמאָלנע.

## אין באן

דער לאָקאָמאָטיוו האָט צעצויגן געהודעט. דאָס איז דער שנעלצוג אָנגעקומען צו דער סטאנציע. אין קופּע פון ערשטן קלאס אף ווייכע סאָפעס, באשלאָגענע מיט טונקל־רויטן פּליוש, איז געזעסן א פאבריקאנט מיט אן אָפיצער.

פון יענער זײַט פענצטער האָט שוין געטונקלט. דער אָפיצער האָט צונויפגעלייגט די צײַטונג און זיך אָפּגערופן:

— די צײַטונג שרײַבט: „די קלאנגען, אז די באָלשעוויקעס גרייטן די טעג קלורימערשט אן אַרויסטרעטונג, זײַנען שטארק איבערגעטריבן“.

— אויב ניט הײַנט, איז מאָרגן, — האָט געענטפערט דער פאבריקאנט, — אלציינס קײַקלען מיר זיך שוין צו דעם. איבערן גאנצן לאנד איז אומאָרדענונגען. וואָס ווייסט קערענסקי?

— קערענסקי — איז א באבע אין א מיליטערישן אוניפאָרם, — האָט זיך אָפּגערופן דער אָפיצער. — א פּלוט, אן אדוואָקאט אין דער שפּיץ פון דער ארמיי.

ער האָט איַינגעפּירט טויט־שטראָף, און די טויט־אורטיילן שרײַבט ער ניט אונטער: ער האָט מוירע.

און וויאַזוי איז ער אַפֿן פראָנט געפֿאָרן? פֿון פּעטראָגראַד איז ער אַרויסגעפֿאָרן אין אַ ספּעציעלן צוג: אַ וואַגאָן — אַ קאַבינעט, אַ וואַגאָן — אַ שלאָפֿצימער, אַ וואַגאָן — אַ קאַנצעליאַריע, אַ וואַגאָן — אַ קיך; אַלץ איז געווען ריין, די שויבן האָבן געבלישטשעט.

און אַז ער איז געקומען אַפֿן פראָנט, האָט איבער אַלע וואַגאָנעס געיאָגט אַ צוגלופֿט: די סאָלדאַטן האָבן אַפֿן וועג מיט שטיינער אַלע שויבן אויסגעקלאַפּט.

— ניין, — האָט געזאָגט דער פֿאַבריקאַנט, — אויף קערענסקין קען מען זיך ניט פֿאַרלאָזן. פֿאַרוואָס איז לענין ניט אַרעסטירט? קערענסקי שרײַבט אויפֿרופֿן, און די באָלשעוויקעס גרייטן אַן אויפֿשטאַנד.

איך ווייסט, ווי מע דאַרף ראַטעווען רוסלאַנד? די מאַכט אין די הענט דאַרף נעמען אַ גענעראַל, און נעמען דאַרף מען זי מיט קוילנוואַרפֿערס. פּעטראָגראַד דאַרף מען אָפּגעבן די דײַטשן: זאָלן זיי צו טון האָבן מיט די באָלשעוויקעס, און אויפֿן פראָנט אַרויספֿאָדערן יאַפּאַניער.

אין דער מינוט איז אַרײַן דער וואַגאָן־באַדינער אָנצינדן דאָס נאַכט־לעמפּל:

— אונדז וועט אויסקומען אויף דער אָט סטאַנציע זיך פֿאַרהאַלטן. די סאָלדאַטן פֿאָדערן, מע זאָל אָפּריער דורכלאָזן זייער צוג. זיי דראָען, אַז...

באַץ! — האָט אַ קלונג געטאָן די צעבראָכענע שויב. אין קופּע איז אַרײַנגעפֿלויגן אַ שטיין און צעבראָכן דעם נאַכט־לאָמפּ. אין קופּע איז גלײַך געוואָרן פֿינצטער.

## ניט קיין געראָטענער רעדנער

סײַ די בורזשואַזיע סײַ די סאָוועטן האָבן זיך געגרייט צום קאמף. די פעטראָגראַדער פאָלקן זײַנען שוין פון עטלעכע כאדאָשים געשטאנען אין שטאָט. קעגן וועמען וועלן זיי ווענדן זייערע באגנעטן, ווען די ארבעטער וועלן ארויסטרעטן?

לעבן איינער פון די קאזארמעס איז געשטאנען א רעדל סאָלדאטן. צו זיי איז צוגעגאנגען א קליין מענטשל אין פעג־סנע, אין א גוטן פוטער, מיט א קאָטיקאָווע היטל.

— וואָס איז דאָ בײַ אײַך, כאווײרים, א מיטינג?

— ניט קיין מיטינג, נאָר גלאט אזוי שמועסן מיר זיך.

— און איר, כאווײרים סאָלדאטן, זײַט ניט קיין באָלשעוויקעס?

די סאָלדאטן האָבן זיך איבערגעקוקט, א ווונק געטאָן איינער צום צווייטן און אלע אינאיינעם געענטפערט:

— נו, גייט שוין, וואָס זײַנען מיר פאר א באָלשעוויקעס!

— זייער פײַן, כאווײרים,—האָט זיך דערמוטיקט דאָס מענ־טשל,— הערט ניט די באָלשעוויקעס: זיי זײַנען אונטערגעקויפט פון די דײַטשן. לענין איז אין א פארכאסמעטן וואגאָן געקו־מען פון דײַטשלאנד.

איך בין אליין א רעוואָליוציאָנער, וועל איך אײַך קיין שלעכטס ניט אייצענען: מע דארף נאָר מילכאָמע האלטן ביז א זיגרײַכן סאָף. פאָלגט אײַערע אָפיצערן, ברידערט זיך ניט, האלט בעסער מילכאָמע, האלט מילכאָמע מיט די פארשאָלטענע דײַטשן... ריכטיק זאָג איך?

— ריכטיק, ריכטיק,— האָבן די סאָלדאטן געשמייכלט.— נו און איצט מארש אין קאזארמע,— און איינער פון די סאָלדאטן האָט אים אָנגעבאפט פארן קאָלנער.

— פארוואָס עפּעס אינ קאזארמע?

— דו זאָגסט דאָכ, אז מע דארפ מילכאָמע האלטנ. מיר האָבנ שוינ מילכאָמע געהאלטנ, פונ אונדזערטוועגנ וועט זײַנ גענוג. איצט זיצ דו אביסל אינ די אָקאָפּעס. אָט וועלנ מיר דיר אָנטונ אינ א סאָלדאטישנ שינעל אונ אָפּשיקנ אפנ פראָנט!

אינ א האלבע שאָ ארומ האָט דער הער אינ דעמ גוטנ פו־טער אוועקגעשפּאנט מיט גיכע טריט פונ קאזארמע.

— פארשאָלטענע באָלשעוויקעס, — האָט ער געמורמלט, — זיי האָבנ מיר די פּענסנע צעבראָכנ. מער קיינ רעדעס גיי איכ ניט האלטנ.

## סמאָלנע הערט

סמאָלנע — איז דער קאָפּ פונ דער רעוואָליוציע. פּעטראָגראַ־דער ראט — דער מארכ. די יולי־געשעענישנ האָבנ אויסגעלערנט די ארבעטער וועמענ קלײַבנ אינ די ראטנ, אונ פונ אווגוסט אָנ זײַנענ אינ דער שפּיצ פונ די ראטנ געשטאנענ — די באָל־שעוויקעס. פונ אווגוסט אָנ געפינט זיכ דער ראט אינ סמאָלנע.

ניט ווײַט פונ סמאָלנע געפינענ זיכ די זאוואָדנ אונ קא־זארמעס. יעדער קאזארמע — איז א פעסטונג פונ דער רעוואָ־ליוציע. סמאָלנע — איז פּונקט ווי א הויפּט־קאָמאנדיר: ער דארפ ייִנ צווישנ זײַנ מיליטער.

קעדיי דער מויעכ זאָל קענענ ריכטיק באשטימענ, דארפנ די אויגנ זײַנ וואכ, די אויערנ דארפנ הערנ אלצ, וואָס קומט פאָר ארומ. סמאָלנע באקומט אלע טאָג טויזנטער בריוו, טעלע־גראמעס, צײַטונגענ. דער ראט הערט, וואָס סע רעדנ די פאב־ריקנ אונ די קאזארמעס.

די לאָקאָמאָטיוו־ווארשטאטנ זאָגנ:

— אין קאמף פאר דער מאכט, אין קאמף פאר דעם ני־
צאָכנ פונ דער רעוואָליוציע וועלנ מיר אונטערהאלטנ דעמ
ראט מיט אלע אונדזערע קויכעס.

די פוטילאָווצעס זאָגנ:

— מיר זיינען פולקאָם איינשטימיק מיט די באשלוסנ פונ
ראט. זאָל לעבנ דער ראט! די גאנצע מאכט דעמ ראט!

דער זאוואָד „אלטער פארוויינער" זאָגט:

— אלע וועלנ מיר ארויס אפנ גאס אויב ס'וועט נאָר זיינ ניי־
טיק. מיר האָבנ ניט מוירע פאר דעמ נאָענטנ קאמפ. מיר
גלויבנ, אז מיר וועלנ זיגנ.

אפ די זיצונגענ פונ ראט קומענ צו גיינ די מאטראָסנ אונ
זאָגנ: „ווענ־זשע וועט עס זיכ שוינ אָנהייבנ? וועג וועט פאָר־
קומענ דער אופשטאנד?"

ס'האָט זיכ באקומענ טעלעגראמעס פונ דער XII־טער ארמיי:

„דער פינפ־טויזנטיקער מיטינג פונ דער XII־טער ארמיי
האָט מיט באגייסטערונג אונטערגעכאפט דעמ רופ פונ דעמ
פעטראָגראדער ראט: „די גאנצע מאכט די ראטנ!"

אויכ פונ דער פינפטער ארמיי:

„דער צוזאמענפאָר פונ דער V־טער ארמיי. צוויי הונדערט
באָלשעוויקעס, הונדערט ניינציק מענשעוויקעס".

אונ אינ עטלעכע טעג ארום זיינענ געקומענ פאָרשטייער
פונ דער V־טער ארמיי אונ געזאָגט:

— אינ די יולי־טעג האָט אונדזער ארמיי די ערשטע גע־
שיקט אירע אָטריאדנ אפ פעטראָגראד קעגנ די באָלשעוויקעס.
אונ איצט — זיינענ מיר מיט אייכ. אונ אויב איר וועט אָפלייגנ
דעמ אופשטאנד, וועלנ מיר אליינ ארויס קעגנ דער רעגירונג,
אָנ אייכ.

אין דערזועלבער צײַט זײַנען נאָך אין דער טורמע „קרעסטי״ געזעסן די באָלשעוויקעס, וואָס מע האָט ארעסטירט אין יולי.

זיי האָבן באשלאָסן צו הונגערן אזוי לאנג ביז די רעגירונג וועט זיי באפרײַען.

נאָר פון סמאָלנע האָט מען זיי צוגעשיקט א צעטעלע:
„הערט אופ אײַער הונגער־שטרײַק:
די באפרײַונג איז נאָענט!״

## פארן צוזאמענפאָר פון די ראטן

ארום דעם צוואנציקסטן אָקטיאָבער זײַנען זיך אין סמאָלנע צונויפגעפאָרן פאָרשטייער פון גאנץ רוסלאנד. זיי זײַנען געקומען פון די ווײַטסטע ערטער, פון סיביר, קאווקאז, דאָנבאס, אוראל, פון וואָלגע און פון פראָנט, פון דער ווײַטסטער פראָווינץ און אויך פון מאָסקווע. די פעטראָגראדער און די געסט האָבן זיך באקענט איינער מיטן אנדערן.

איבער די קאָרידאָרן פון סמאָלנע האָבן געשפאנט ארבעטער אין טונקעלע בלוזעס, סאָלדאטן מיט געגאָלטע קעפּ, בערדיקע פּויערים און מאטראָסן מיט אָן אָפענער ברוסט.

די מענשעוויקעס פלעגן צולויפן צו די ברייטפּלייציקע קוד־לאטע פּויערים און זאָגן:

— נאָך וואָס זײַנט איר אהער געקומען? דאָ וועט דאָך זײַן אַ צוזאמענפאָר פון ארבעטער־ און סאָלדאטן־ראטן און ניט פון קיין פּויערים־ראטן. פאָרט בעסער אהיים.

די פּויערים האָבן זיך פארלאָרן, נאָר די באָלשעוויקעס פלעגן צוגיין און מיט א שמייכל זיי בארויקן:

— בישקאָשע, כאַווייִרים פויערים! אַז די צײַט וועט קומען, וועלן מיר זיך שוין באַמיִען, איר זאָלט באַקומען אײַערע ערטער אפן צוזאַמענפאָר.

יעדער נײַ־אָנגעקומענעם פאָרשטייער האָט מען דערלאַנגט א בלעטל, וואָס אף דעם איז געווען אָנגעשריבן:

| |
|---|
| פאַר וועלכער מאַכט שטייט אײַער ראַט<br>(שטרײַכט אונטער):<br>פאַר קערענסקיס צײַטווײַליקער רעגירונג<br>צי פאַר דער ראַטנמאַכט |

קימאַט אַלע פאָרשטייער האָבן אונטערגעשטראָכן: „פאַר דער ראַטנמאַכט“. און קעדיי ס'זאָל זײַן שטאַרקער פלעגט מען נאָך צושרײַבן פון־דער זײַט מיט גרויסע אויסיעס: „די גאַנצע מאַכט די ראַטן“.

## לענין

אין די יולי־טעג, ווען לענין האָט געמוזט אַנטלויפן פון פעטראָגראַד, האָט קיינער אויסער זײַנע עטלעכע נאָענטע כאַווייִרים ניט געוווּסט, ווו ער געפינט זיך. די ערשטע צײַט האָט ער געוווינט נאָענט לעבן סעסטראָרעצק, דערנאָך אין פינלאַנד, און צום סאָף איז ער ווידער אריבערגעפאָרן קיין פעטראָגראַד.

פון לענינען פלעגן זיך באַקומען אָפטע בריוו. ער האָט אונטערגעיײַלט.

— מע דאַרף וואָס גיכער, ווי ווײַט מעגלעך גיכער גרייטן דעם אופשטאַנד.

אָט אַזויווי די ווײַטע עלעקטראָ־סטאַנציע פון וואָלכאָוו שיקט צו אונדז איצט איר שטראָם און זײַן קראַפט ברענגט אין

באוועגונג די רעדער און די הויבערס פון אונדזערע זאוואָדן, פונקט אזוי האָט לעניִן דעמאָלט מיט זײַנע בריוו געבראכט אין באוועגונג די רעוואָליוציאָנערע קויכעס און געשטויסן די רע־וואָליוציע פאָרויס.

וועגן וואָס האָט לעניִן געשריבן?

## „די גאנצע מאכט די ראטן"

פאר די־אָ ווערטער זײַנען די ארבעטער און סאָלדאטן געווען גרייט צו גיין אין פײַער. פאָרזיכטיקע מענטשן האָבן געקווענקלט:

— וויאזוי־זשע וועלן די ראטן קענען אָנפירן מיט דער מעלוכע? אין די ראטן זײַנען דאָך ניטאָ קיין געלערנטע מענ־טשן: ארבעטער, סאָלדאטן און פויערים...

— זיי וועלן זיך אויסלערנען, — פלעגט ענטפערן לעניִן. — יעדער קעכן דארף קענען אָנפירן מיט דער מעלוכע.

## „שאָלעם די פעלקער!"

אפן פראָנט זײַנען די סאָלדאטן ארויסגעקראָכן פון זייערע אָקאָפּעס און האָבן זיך גענומען רוקן נעענטער צו די דײַטשן.

— קאָמראד, האָ, קאָמראד, קום צו אונדז אין געסט טרינ־קען טיי!

פון דער ערד ארויס באווײַזן זיך קעפּ אין שטאָלענע קאס־קעס. די דײַטשישע סאָלדאטן — האנס, פריץ און מאקס — זײַנען געגאנגען צו גאסט צו די רוסישע.

אזוי האָבן דײַטשישע ארבעטער און פויערים, אָנגעטאָן אין דײַטשישע מיליטער־קליידער, זיך „געברידערט" מיט אזעלכע

ארבעטער און פּויערים ווי זיי, נאָר אָנגעטאָן אין רוסישע מילי־טער־קליידער.

און אז מע האָט צוגעשיקט ווארעמע קליידער אפן פראָנט, האָבן די סאָלדאטן ניט געוואָלט נעמען. „סיװוי, — האָבן זיי געזאָגט, — וועט שוין ווינטער קיין מילכאָמע ניט זײַן".

„ערד—די פּויערים, פאבריקן—די ארבעטער!"

דעם 20־טן אָקטיאַבער האָבן די ארבעטער אין מאָסקווע צוגענומען צוויי פאבריקן. און די פּויערים האָבן געזאָגט: „צו־ליב וואָס־זשע האָט מען געמאכט די רעוואָליוציע, אויב מע האָט נאָך אונדז ביז איצט קיין ערד ניט געגעבן?" — ביז זיי האָבן אליין גענומען אראָפּטרײַבן די פּריצים און פארנעמען זייער ערד.

לענין האָט געשריבן:

„מע דארף קיין איין מינוט ניט פארלירן און אָרגאניזירן א רעוואָליוציאָנערן שטאב, פארנאנדערטיילן די קויכעס, שיקן די איבערגעגעבנסטע פאָלקן אין די סאמע וויכטיקע ערטער, פארכאפּן פּעטראָפּאוולאָווסקע, ארעסטירן דעם גענעראל־שטאב און די רעגירונג, ארויסשיקן קעגן די יונקערס און דער ווילדער דיוויזיע אזעלכע טיילן, וואָס וועלן לייגן זייער קאָפּ און וועלן ניט דורכלאָזן דעם סוינע אין צענטער שטאָט; באוואָפענען די אר־בעטער, רופן זיי צו אן אנטשיידענעם קאמף, פארכאפּן גלײַך דעם טעלעפאָן און דעם טעלעגראף".

# אומרו

אין פּעטראָגראד איז אומרויִק. מע ווארט אף אן אָנפאל פון די דײַטשישע צעפּעלינעס. איבערן שווארצן נאכטישן הימל קריכן אום ווײַסע פאסן פון פּראָזשעקטערס און נישטערן אין הימל.

אינ פעטראָגראַד איז אומרויִק. פאר איינ נאכט האָט מענ צעגראָמריט אכציק קווארטירעס. אפ די גאסנ ראבירט מענ. די מיליציע האָט מער מוירע פאר די באנדיטנ, ווי די באנדיטנ פאר דער מיליציע.

אינ פעטראָגראַד זײַנענ טויזנטער דעזערטירנ. די דעזערטירנ כאפט מענ אונ מע שיקט זיי אָפּ אפנ פראָנט. אינ וועג אנטלויפנ זיי ווידער.

באזונדערס איז אומרויִק געווענ די נאכט פונ צוואנציקסטנ אָקטיאבער. עפּעס האָט די רעגירונג געקלערט, אז די באָלשעוויקעס וועלנ ארויסטרעטנ דעמ 20־טנ אָקטיאבער. די באאמטע באומרויִקנ זיך: „דעמ צוואנציקסטנ באקומענ מיר געהאלט — אונ וואָס וועט זײַנ, אויב די באָלשעוויקעס וועלנ דאָס פאר־כאפנ!״

אינ די ארבעטער־קווארטאלנ האָט מענ אנידערגעשטעלט מיליטער־פּאָסטנס, אונ איבערנ שטאָט פאָרנ אומ קאזאקישע רײַטער־פּאטרולנ. דער מיליציע האָט מענ באפוילנ צעטרײַבנ אונ ארעסטירנ די רעדלעך אינ די גאסנ.

די נאכט איז אָבער אדורכ רויִק, אונ אינדערפרי זיפצנ אָפּ די שטאָט־לײַט מיט א גרינגנ הארצ: „נו, די סאקאָנע איז ארי־בער״.

אינ פיר טעג ארומ האָט אויסגעבראָכנ די רעוואָליוציע.

## א שמועס בא א גלעזל טיי

אפ מאָרגנ נאָכ די אומרועגנ האָט מענ אינ א סאָכרישער פאמיליע געפראוועט אימענינעס. ס׳האָט זיך צונויפגעקומענ אסאכ אוילעמ, אונ מע האָט נאָכ גערעדט אפ איינעמ זייער

א וויכטיקן גאסט, וואָס איז געווען באַקאַנט מיט די מיני־סטאָרן.

— צוקער איז טײַער געוואָרן, און ס׳איז שווער צו קריגן, — האָט זיך געקלאָגט די באַלעבאָסטע, צורוקנדיק די צוקערניצע צו די געסט.

— דערפאַר איז פרײַהייט אסאך פאַראן, אָך, אסאך, — האָט זיך אָנגערופן איינער פון די געסט. — מע קען אין קיין גאָרטן ניט אַרײַנגיין: אומעטום קנאַקן די סאָלדאַטן קערלעך.

— אומעטום איז סקאַנדאַלן, — האָבן זיך צערעדט די געסט, איבערשלאָגנדיק איינער דעם אַנדערן, — טוט נאָר א קוק, וואָס מע שרײַבט אין די צײַטונגען:

„אין ליפּעצק איז אַן אַלגעמיינער שטרײַק, אפילו די פּײַער־לעשער האָבן אופגעהערט לעשן סרייפּעס”.

„אין באַלטע שלאָגט מען די מיליציע”.

„אין סאַראַטאָוו האָבן די סאָלדאַטן אַרויסגעלאָזט די באַנ־דיטן פון דער טפיסע”.

„אין אָריאָל האָט די „שוואַרצע בראָנע האַנט” געראַבירט די קראָמען.

„אין יעקאַטערינבורג האָט מען אַרײַנגעוואָרפן אַ באָמבע אין דער דערנערונג־פאַרוואַלטונג”.

— איז דאָ בא אונדז א רעגירונג צי ניין? — האָט אָפּגעזיפצט די באַלעבאָסטע. — בא מיר האָט זיך די דינסט פאַרשריבן אין פּאַרטיי.

— דערפאַר האָט אָבער אין קאַלוגע א קאָזאַקן־פּאָלק באַשאָסן דעם ראַט, — האָט זיך אָפּגערופן אַן אָפיצער, — און אין טאַשקענט האָט א גענעראַל מיט בראָנעוויקעס פאַרנומען די שטאָט און אַרעסטירט דעם ראַט.

— מײַנע הערנ,—האָט געזאָגט אַרײַנגײענדיק א כאָשעווער דערהויבענער גאסט,—איכ האָב אײַכ געבראכט א פרײלעכע ידיעה: די רעגירונג האָט פעסט באשלאָסנ ניט נאָכגעבנ די באָלשעוויקעס אונ ארויספירנ דאָס מיליטער פונ פעטראָגראד אפנ פראָנט, אונ אז די באָלשעוויסטישע פאָלקנ וועט מענ פונ פעטראָגראד ארויספירנ. טאָ פארשטײט שוינ אלײנ,—האָט ער פארענדיקט מיט א שמײכעלע,—דעמאָלט וועט מענ שוינ קענענ דעמ ראט אויכ דערקוועטשנ.

— אזא מינ ידיעה איז טײַערער פונ דער בעסטער מאטאָנע,— האָט זיכ אָנגערופנ די באלעבאָסטע.

---

# II. גרייט

## דער פּאָלקאָווניק וויל ניט ריידן

דער ראַט האָט זיך דערוווּסט, אַז די רעגירונג קלייַבט זיך אַרויספירן די פּעטראָגראַדער פּאָלקן אַפן פראָנט.

„די פּעטראָגראַדער פּאָלקן זייַנען פאַר די באָלשעוויקעס, — האָט מען גערעדט אינ ראַט, — דערפאַר וויל קערענסקי אָפּשיקן די פּאָלקן אַפן פראָנט. דערמיט וועט ער אַנטוואָפּענען דעם ראַט און וועט אים דערנאָך צעטרייַבן".

דער ראַט האָט אויסגעקליבן אַ מיליטער־רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט, וואָס האָט געדאַרפט ניט דערלאָזן אַרויסצופירן די רעוואָליוציאָנערע פּאָלקן פון פּעטראָגראַד.

די נאַכט, וואָס אַנטקעגן דעם 22־טן אָקטיאַבער, זייַנען די פאָרשטייער פונעם מיליטער־רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט געקומען אינ פּעטראָגראַדער שטאַב אַרייַן צום הויפּט־קאָמאַנדיר פון די פּעטראָגראַדער פּאָלקן, צום פּאָלקאָווניק פּאָלקאָווניקאָוון.

— מיר וועלן ניט דערלאָזן אַרויסצופירן דאָס מיליטער פון פּעטראָגראַד, — האָבן זיי געזאָגט. — אַלע אייַערע באַפעלן מוזן דורכגיין דורך אונדזערע הענט. מיר מוזן האָבן די זיכער־קייַט, אַז אינ די באַפעלן זייַנען ניטאָ קיין שום פּלענער קעגן דער רעוואָליוציע.

— די ארמײ װעט זיך אונטערװאַרפֿן נאָר דעם שטאַב,—האָט געענטפֿערט פֿאָלקאָװניקאָװ.— איך האָב מיט אײַך ניט פֿון װאָס צו רײדן.

— די ארמײ װעט זיך מער ניט אונטערװאַרפֿן דעם שטאַב,— האָבן געזאָגט די פֿאָרשטײער פֿון מיליטער־רעװאָליוציאָנערן קאָמיטעט און זײַנען אװעק.

— דעריקער — רױקײַט,— האָט זיך אָנגערופֿן פֿאָלקאָװניקאָװ צו זײַן געהילף.— קלאָרע און אנטשלאָסענע האנדלונגען װעלן זײ נױטן זיך אונטערצװאַרפֿן.

דער ראט האָט באשלאָסן:

„אין דרײַ טעג ארום עפֿנט זיך דער צוזאמענפֿאָר פֿון די ראטן. ער װעט פֿארבײַטן די רעגירונג. נאָר אױב די רעגירונג װעט זיך פּרוּװן אין די 24 אָדער 48 שאָ, װאָס זײַנען געבליבן, אָנצופֿאלן אפֿן ראט, װעלן מיר ענטפֿערן מיט קלעפּ אפֿ קלעפּ, מיט שטאָל — אפֿ אײַזן”.

## דער באנאכטיקער טעלעפֿאָן

שפּעט באנאכט האָט זיך צעקלונגען דאָס טעלעפֿאָן־גלעקל.

— דאָס איז די קװארטיר פֿון מיניסטער קאָנאָװאלאָװ?

— יאָ.

— טוט א רוף ד'עם מיניסטער צום טעלעפֿאָן.

— ער שלאָפֿט.

— אלציינס. ס'איז זײער א װיכטיקער איניען. דאָס קלינגט דער שטאַב פֿון פּעטראָגראַדער קרײַז.

— באלד.

איב צוואנציק מינוט ארום איז דער מיניסטער קאָנאָוואלאָוו זייער א פארזאָרגטער געפאָרן אפנ אווטאָמאָביל צום ווינטער־פאלאצ. ס׳האָט שוינ אָנגעהויבנ טאָגנ, נאָר די גאסנ זײַנענ נאָכ געווענ פוסט. ס׳האָט זיכ אָנגעהויבנ דער טאָג פונעמ 23־טנ אָקטיאבער.

אז קערענסקי האָט זיכ דערוווּסט פונ קאָנאָוואלאָווג וועגנ וואָס דאָ גייט, איז ער בלייכ געוואָרנ אונ האָט אוועקגעשיקט נאָכ פאָלקאָווניקאָוונ. דער גראָבער רויקער פאָלקאָווניק פאָל־קאָווניקאָוו איז געקומענ.

— וואָס טוט מענ ? — האָט געפרעגט קערענסקי. — דער ראט גרייט זיכ צו אנ ארויסטרעטונג. האָבנ מיר קויכעס אפ קעמפנ מיט די באָלשעוויקעס ?

— דעריקער—איז רויִקײַט אונ אנטשלאָסנקײַט,—האָט געזאָגט פאָלקאָווניקאָוו. — מיט אונדז איז א טייל פונ פעטראָגראדער גארניזאָנ, די בראָנעוויקעס, די מאָטאָציקליסטנ, די יונקערס, די שלאָגלערס, די קאזאקנ, די פאָלקנ, וואָס געפינענ זיכ אינ פע־טערהאָפ אונ אינ צארסקע. מיר האָבנ זיכ ניט וואָס צו שרעקנ.

— גוט,— האָט זיכ קערענסקי א גלײַכ געטאָנ.—פאָדערט, מע זאָל פאנאנדערלאָזנ דעמ מיליטער־רעוואָליוציאָנערנ קאָמיטעט. אונ אויב ער וועט זיכ ניט אונטערוווארפנ, ארעסטירט אימ.

אז פאָלקאָווניקאָוו איז אוועק, האָט קערענסקי געזאָגט צו קאָנאָוואלאָוונ :

— אָט דער פאָלקאָווניקאָוו איז א זעלטענער מענטש !

— פארלאָזט זיכ ניט צופיל אפ פאָלקאָווניקאָוונ,— האָט זיכ קאָנאָוואלאָוו אָנגערופנ,— איכ בינ זיכער, אז מיר האָבנ אפילע קיינ העלפט ניט פונ די קרעפטנ, וואָס ער האָט אונדז צוגעזאָגט.

## צוויי באפעלן

דעם 22־טן אָקטיאבער איז אין סמאָלנע באם טעלעפאָן געשטאנען א מיטגליד פון מיליטער־רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט און מיט א הייזעריקער שטים אויסגערופן איינס נאָכן אנדערן אלע פאָלקן.

אין האנט איז בא אים געווען א צעטל פון די פאָלקן, און נאָך יעדן שמועס האָט ער געשטעלט אפן פאפירל א צייכעמל.
אלע פאָלקן האָט ער געזאָגט איינס און דאָסזעלבע:

„דער שטאב פון פעטראָגראדער מיליטער־קרייז אָנערקענט ניט דעם מיליטער־רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט און גייט קעגן דעם ראט. פילט ניט אויס די באפעלן פון שטאב! ווארפט זיך אונטער נאָר דעם מיליטער־רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט. זייט גרייט צום שלאכט״.

פאָלקאָווניקאָוו האָט געשריבן:

„איך באפויל אלע טיילן און קאָמאנדעס צו פארבלייבן אין די קאזארמעס.

די אלע, וואָס וועלן ארויסטרעטן מיט געווער אפן גאס אָן מיין באפעל, וועלן איבערגעגעבן ווערן צום געריכט פאר א באוואָפנטן בונט. איך פארווער אויסצופילן די באפעלן פון מיליטער־רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט״.

## אין סמאָלנע

— באוויַיזט אייער דורכלאָז־שיַין! — האָט געזאָגט דער וואכ־מאן.

דער אויסלענדער האָט אים דערלאנגט א פאפירל, אפ דעם פאפירל איז געווען אָנגעשריבן:

„ס׳וועט דערלויבט דזשאָן רידן, דעם אַמעריקאַנער זשור־נאַליסט, א פרייַער אַרייַנגאַנג אין סמאָלנע״.

קאָמענדאַנט פ. דזערזשינסקי״.

דער אַמעריקאַנער זשורנאַליסט דזשאָן ריד איז אַן אומ־דערמידלעכער מענטש און גאַרט אַלץ צו וויסן. ער איז אויסגעפאָרן די גאַנצע וועלט. ער האָט שטענדיק געשטרעבט אַהין, וווּ עס קומט פאָר עפּעס וויכטיקס און אינטערעסאַנטס. איצט וווינט ער אין פּעטראָגראַד.

א ראָטע קוילנוואַרפערס און א ראָטע פון דעם ליטווישן פּאָלק האָבן באַוואַכט סמאָלנע. די פאָרמע פון דעם דורכלאָז־שייַן האָט מען געביטן עטלעכע מאָל דורכן טאָג, אַז קיין שפּיאָנען זאָלן ניט דורכקריכן.

אין סמאָלנע האָט ניט אופגעהערט דאָס קלאַפּן פון די שווערע רוסישע שטיוול. די אַרבעטער און סאָלדאַטן האָבן אייַנגעבויגן אין דרייַען געטראָגן שווערע פּעק צייַטונגען און פלוגבלעטלעך. אַנדערע האָבן געיאַלט ערגעץ מיט ביקסן אַפּ די פּלייצעס.

אין סמאָלנע איז מער ווי הונדערט צימערן. נאָר אַלע זייַ־נען זיי געווען קימאַט אָן מעבל. אַפּ די טירן איז אָנגעקלאַפּט עמאַלירטע ברעטלעך מיט אָנשריפטן:

„דער לערער־צימער״, אָדער „דער קלאַס־צימער״.

און אונטערן ברעטעלע א פּאַפּירל מיט אַן אָנשריפט:

„דער צענטראַלער אַרמיי־קאָמיטעט״, אָדער „פאַבריק־זאַוואָ־דישע קאָמיטעטן״.

די ברעטלעך זייַנען געבליבן הענגען נאָך פון אַמאָליקע צייַטן, ווען סמאָלנע איז געווען אַן אינסטיטוט, וווּ ס׳האָבן געלערנט די אַדעליקע טעכטער.

אפ די טרעפּ־בּריקלעך שטייען לאנגע טישן, פּארוואלגער־
טע מיט צײַטונגען און בּיכער.

איבּער גאנץ סמאָלנע ציט זיך א לאנגער־לאנגער קאָרידאָר. אין קאָרידאָר איז ענג פון די ארבּעטער און סאָלדאטן, וואָס פּילן אים אָן. אפ די ווענט הענגען מעלדונגען:

> כאווײרים, טאקע צוליבּ אײַער געזונט,
> היט אָפּ די ריינקײַט.

סאמע פונונטן איז א גרויסער עסצימער מיט א נידעריקער סטעליע. מע טראָגט אפּ שטעקנס שווערע קעסלען זופּ. בּאַם ארײַנגאנג שטייט א ריי.

דזשאָן ריד האָט אָפּגעשטעלט א בּאקאנטן מיטגליד פון ראט.

— וואָס הערט זיך עפּעס נײַס?

— די זיצונגען פון ראט קומען פאָר אָן אן איבּעררײַס, מיר שלאָפן אין סמאָלנע, אונטערלייגנדיק דאָס היטל אונטערן קאָפּ. הײַנט פארטאָג האָט מיך אופגעוועקט א מאָדנער ראש, — א געּ־רודער מיט א טופּעניש; דאָס האָט מען געבּראכט קוילנוואר־פערס און מע האָט זיי געשלעפּט איבּער די שטיינערנע דילן און איבּער די קאָרידאָרן ארופּצו אפן בּוידעם.

איצט איז סמאָלנע געוואָרן א פעסטונג.

## דער פּלאן פון דעם אופשטאנד

אין אייבּערשטן סמאָלנער קאָרידאָר, בּאַם סאמע עק אין לעצטן צימער, האָט זיך געפּונען דער מיליטער־רעוואָליוציאָ־נערער קאָמיטעט. אין צימער איז איין פענצטער, און בּאַם

פענצטער שטייט א טיש, בא דער לינקער וואנט שטייט דער צווייטער טיש, בא דער רעכטער וואנט — א בעט.

דאָ איז שטענדיק פול מיט מענטשן, דאָ איז זייער ענג. די לופט איז בלוי פון ציגארן־רויך. אין ווינקל וואלגערן זיך שאָפענע פעלצלעך. אפן דיל וואלגערן זיך שטיקלעך ברויט.

אין דער נאכט, וואָס אנטקעגן 24־טן אָקטיאבער. זיינען אפן בעט געזעסן דריי מיטגלידער פון מיליטער־רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט: פאָדוואָיסקי, אנטאָנאָוו־אָווסייענקאָ און טשודנאָווסקי. אף די קני בא זיי איז געווען צעלייגט דער פלאן פון פעטראָג־ראד מיט זיינע פאָרשטעט. זיי האָבן אפגיך באשלאָסן, וואָס מע זאָל מאָרגן טון.

— פארנעמען די טעלעפאָן־סטאנציע און אויסשליסן דעם טעלעפאָן פון גענעראל־שטאב, ער זאָל ניט קענען אָפגעבן קיין באפעלן.

— פארכאפן דעם טעלעגראף און אָפשיקן טעלעגראמעס וועגן דעם אופשטאנד אין אלע שטעט פון רוסלאנד.

— פארכאפן די באנק, די פאָסט, אלע וואָקזאלן, די עלעק־טראָ־סטאנציע און די וואסערלייטונג.

— זען, אז די רעגירונג זאָל ניט צענעמען די בריקן. אויב די בריקן וועלן זיין צענומען, וועט די רויטע גווארדיע פון וויבאָרגער זייט, פון פעטראָגראדער זייט און פון וואסילעווער אינדזל ניט קענען צוקומען צום ווינטער־פאלאצ.

— די פעטראָפאוולאָווער פעסטונג איז מיט אונדז. די האר־מאטן פון פעטראָפאוולאָווער פעסטונג און פון דער „אווראָרע" זיינען אָנגעשטעלט אפן ווינטער־פאלאצ. פריער זאָל מען שיסן מיט פוסטע שאָסן, און אז מע וועט זיך ניט אונטערגעבן — איז מיט סנאריאדן.

— אונדזערע פּאָלקן און די רויטע גוואַרדיע אַרוק טון צום ווינטער־פּאַלאַץ: איבער די ברעג־גאַסן — אַדמיראַלטייסקע און דוואָרצאָווער, דורך ניעווסקי, מאָרסקאַיאַ איבער קאָנאָגוואַר־דייִשן בולוואַר דורך זימניער־קאַנאַווקע און דורך אַלעקסאַנדראָווער פּאַרק, אַרײַנעמען דעם ווינטער־פּאַלאַץ אין אַן ענגן רינג פון רעוואָליוציאָנערן מיליטער, אַז קיינער זאָל ניט קענען זיך דורכשמוגלען פּאַרבײַ אונדזער מיליטער!..

— דעם 25־טן אינדערפרי דאַרף דער ווינטער־פּאַלאַץ גענומען ווערן.

— ניט פאַרגעסן אַנידערשטעלן וואַך אויף די מילן, די מילן זאָלן זיך ניט דערוועגן אופּצוהערן מאָלן, די שטאָט טאָר ניט בלײַבן אָן ברויט.

—אונדזער הויפּט־פּעסטונג איז — סמאָלנע. אויב די יונקערס וועלן נעמען סמאָלנע, באַפעסטיקן מיר זיך אין פּעטראָפּאַוולאָווסקע און אויף דער „אַווראָרע”; טאָמער שלאָגט מען אונדז אַרויס אויך פון דאָרטן, בלײַבן בײַ אונדז די קאַזאַרמעס: די פּאַוולאָווער און פון דעם באַלטישן עקיפּאַזש.

— אַנטאָנאָוו וועט פאָרן צו דער „אַווראָרע”, פּאָדוואָיסקי — אין פּעטראָפּאַוולאָווער פּעסטונג, טשודנאָווסקי — צום ווינטער־פּאַלאַץ.

# אַ מעסער אין רוקן פון דער רעוואָליוציע

דעם 24־טן אָקטיאַבער איז איינער פון די מיטגלידער פון מיליטער־רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן און האָט אָנגעקוועטשט די קנאָפּקע. מע ענטפערט ניט! אָנגעקוועטשט די קנאָפּקע „א”, די קנאָפּקע „ב”. מע ענטפערט

ניט. טוט ער אַ קלאַפּ מיטן פויסט איבער די קנאָפּקעס און גייט צו צום צווייטן אַפּאַראַט. דער צווייטער אַפּאַראַט אַרבעט אויך ניט, דער דריטער אויך ניט. אַלע סמאָלנער טעלעפאָנען האָבן אויפגעהערט צו אַרבעטן: די רעגירונג האָט באַפוילן, אַז די טעלעפאָנע סטאַנציע זאָל אויסשליסן אַלע סמאָלנער טעלעפאָנען.

אין דערזעלבער צײַט באַקומט דער מיליטער־רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט אַזעלכע ידיעות:

די יונקערס האָבן פֿאַרמאַכט די באָלשעוויסטישע צײַטונגען „ראַבאָטשי פּוט" און „סאָלדאַט". זיי האָבן פֿאַרכאַפּט מיט זיך פּעק מיט צײַטונגען, אַרײַן אין דעם מיליציע־אָפּטייל און דאָרטן אויסגעהייצט מיט די צײַטונגען אַלע הרובעס.

די רעגירונג האָט אָפּגעגעבן אַ באַפעל: צענעמען די בריקן, און דער שיף „אַווראָרע" איז באַפוילן געוואָרן אַרויסצוגיין אין אָפענעם יאַם.

צום ווינטער־פּאַלאַץ האָט מען אַרויסגערופן 1100 יונקערס און דעם שלאָגלערישן פֿרויען־באַטאַליאָן. די שלאָגלערנס האָט די רעגירונג געזאָגט, אַז לעבן ווינטער־פּאַלאַץ וועט זײַן קלויימערשט אַ פּאַראַד.

מע האָט אַרויסגערופן מיליטער פון דער אַרומיקער געגנט. די רעגירונג האָט באַפוילן צו אַרעסטירן דעם מיליטער־רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט.

— כאַווײרים, דאָס איז אַ מעסער אין רוקן פון דער רעוואָלוציע! — האָט זיך עמעצער אָנגערופן.

— אַף קלעפּ וועלן מיר ענטפערן מיט קלעפּ! אַף אײַזן וועלן מיר ענטפערן מיט שטאָל! — האָט מען אים געענטפערט.

## „שיק צו דעם סטאטוט“

די רוסישע קריג־שיפן, — מינענטרעגער און פאנצער־שיפן — זײַנען געשטאנען אין העלסינגפאָרס. די מאטראָסן האָבן זיך אונטערגעוואָרפן זייער אויסגעוויילטן קאָמיטעט — מיטן נאָמען „צענטראָבאלט“.

דער צענטראָבאלט איז געווען פאר די באָלשעוויקעס. מיטן צענטראָבאלט האָט אָנגעפירט דיבענקאָ.

דעם 24־טן אָקטיאבער אכט אזייגער אינאָוונט האָט מען אין העלסינגפאָרס באקומען א טעלעגראמע:

„צענטראָבאלט — דיבענקאָ. שיק ארויס דעם סטאטוט. אנטאָנאָוו“.

— אָט איז א טעלעגראמע פאר דיבענקען פון דעם באָלשעוויק אנטאָנאָוו, — האָט געזאָגט דער טעלעגראפיסט, — זי פאר־האלטן צי איבערגעבן?

— דאָ רעדט זיך נאָר וועגן א סטאטוט, — האָט געזאָגט דער עלטערער באאמטער, — פאר דער רעגירונג איז דאָ קיין געפאר ניטאָ — איר קענט איבערגעבן.

אָבער אז דיבענקאָ האָט דערזען די טעלעגראמע, איז ער אופגעשפרונגען ווי אן אונטערגעשאָסענער. די טעלעגראמע איז געווען אן אָפגערעדטער צייכן. אנטאָנאָוו־אָווסייענקאָ האָט זיך באצײַטנס צונויפגערעדט מיט דיבענקען, אז ער וועט אים ארויסשיקן א טעלעגראמע: „שיק ארויס דעם סטאטוט“, און דאָס וועט הייסן:

„שיק ארויס מינענטרעגער און פינף טויזנט מאטראָסן צו הילף די ארבעטער פון פעטראָגראד, דער אופשטאנד הייבט זיך אָן!“

# אפּ ניעווסקע

אפּ ניעווסקע האָבּנ די יונקערס אָפּגעשטעלט די אווטאָמאָ־בילנ אונ קאָנטראָלירט די דורכלאָז־שייַנענ. די ליידיקע אווטאָ־מאָבּילנ האָט מענ צוגענומענ אונ אָפּגעשיקט אינ שטאַב.

די טראַמוויַענ זיַינענ געגאַנגענ ניט לויט זייערע מאַרשרוטנ. אפּ אסאַך וואַגאָנעס האָבּנ זיך בּאַוויזנ מעלדונגענ:

| דער וואַגאָנ גייט אינ פּאַרק |
| --- |

פאַרנאַכט־צו האָט, די טראַמוויַ־בּאַוועגונג אינגאַנצנ אופּ־געהערט.

געהיטע סאָכרימ האָבּנ פאַרמאַכט זייערע קראָמענ אונ אראָפּגעלאָזט די אייַזערנע שטאָרנ, אָבּער אסאַך קראָמענ זיַינענ געווענ אָפנ. די טעאַטערנ אונ די קינאָ־טעאַטערנ זיַינענ געווענ געפּאַקט מיט אוילעמ.

אינ דער צייַט האָט די צייַטוויַליקע רעגירונג צונויפגעצויגנ דאָס מיליטער צומ ווינטער־פּאַלאַצ אונ זיך געגרייט צו א שלאַכט. רויט־גוואַרדייַישע אָטריאַדנ אונ מאַטראָסנ זיַינענ גע־גאַנגענ פאַרנעמענ די הויפּט־אַנשטאַלטנ פונ שטאָט. די אַרבּעטער אונ סאָלדאַטנ זיַינענ געגאַנגענ אינ אַנטשיידענעמ שלאַכט.

# אינ סמאָלנע

ווענ דזשאָנ ריד איז אַרויס פונ סמאָלנע, איז שוינ דער גאַנ־צער הויפ געווענ פול מיט סאָלדאַטנ אונ בּאַוואָפנטע אַרבּעטער. ס׳זיַינענ צוגעקומענ אַלע מאָל נייַע פּאָלקנ אונ טיילנ פונ דער רויטער גוואַרדיע. פונ די טויערנ זיַינענ אַלע רעגע אַרויסגע־

פאָרן אווטאָמאָבילן און זיך געלאָזט לויפן אין דער נאכט אריַין.

שיַיטערס האָבן געברענט, און דער ווינט האָט אלע מאָל צעבלאָזן דעם פלאם. אפ די טרעפ־בריקלעך באם אריַינגאנג זיַינען געשטאנען צוויי קוילנווארפערס מיט א שנעל־שיסנדיקן הארמאט און א קאסטן מיט סנאריאדן. דער סמאָלנער הויף האָט אויסגעזען ווי א גאראזש. אווטאָמאָבילן, בראָנעוויקעס, פראכט־אווטאָמאָבילן — איינס אפן אנדערן. אהער האָט מען אויך געבראכט האָלץ און עס צונויפגעלייגט ווי א וואנט. אויב לעבן סמאָלנע וועט גיין א שלאכט, וועט מען קענען זייער גוט שיסן פון הינטער דעם האָלץ.

דער שאָפער האָט א דריי געטאָן דעם רול פון א פראכט־אווטאָמאָביל, דער אווטאָמאָביל האָט אָנגעהויבן שווער צו ציטערן, האָט זיך געטרייסלט און געטרישטשעט, ווי אין זיַינע געדערים וואָלטן געפלאצט איַיזערנע פוכירן. דזשאָן ריד האָט ארופגע־קלעטערט אפן אווטאָמאָביל איניינעם מיט די סאָלדאטן.

אלע זיַינען געשטאנען: ווו זיך זעצן איז ניט געווען. דער אווטאָמאָביל האָט מיט פולן גאנג זיך אוועקגעקיַיקלט אין דער פינצטערניש אריַין און איבערן וועג געוואָרפן די אופרופן פון נעם ראט.

דזשאָן ריד, דער אמעריקאנער זשורנאליסט, האָט דערפילט, אז דאָ אין רוסלאנד, אין פעטראָגראד, האָט זיך אָנגעהויבן א גרויסע זאך: דער קאמפ פאר באפריַיען דעם ארבעטער־קלאס אין דער גאנצער וועלט. און דזשאָן ריד, וואָס האָט זיַין גאנץ לעבן פיַינט געהאט די באדריקער, האָט באשלאָסן צו באטיי־ליקן זיך אין אָט דעם קאמפ. דזשאָן ריד איז געוואָרן א קאָמוניסט.

# קיין פעטראָגראַד

אין העלסינגפאָרס עלפ באַנאַכט קלינגט דער טעלעפאָן. פון פעטראָגראַד רופט מען דיבענקען.

— ס'רעדט באַראַנאָוו.

— ס'רעדט דיבענקאָ.

— פון מינוט אַפ מינוט הייבט זיך אָן דער אופשטאַנד. וועט איר כאָטש ניט פאַרשפּעטיקן אונדז קומען צו הילף?

— פאַרטאָג וועלן אַרויס די מינענטרעגערס. איך שיק אַרויס מאַטראָסן.

— איך וועל איבערגעבן דעם מיליטער־רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט.

סע איז צוויי באַנאַכט. אַפ העלסינגפאָרסער גאַסן איז טויט־שטיל. שטיל, אָן הודקעס, קומען אָן איינער נאָכן אַנדערן בוקסירן צום האַפן. זייער שטיל זעצן זיך אַרויס אַפן ברעג די מאַטראָ־סישע ראָטעס און שטעלן זיך דאָ טאַקע גלייך אויס אין פראָנט.

עס לאָזט זיך הערן די קאָמאַנדע — און די מאַטראָסן שפּאַ־נען אַוועק צום וואָקזאַל.

יעדער אָנדערהאַלבן שאָ פאָרן אָפּ אונטער מוזיק צוגן מיט מאַטראָסן — קיין פעטראָגראַד!

אַכט אַזייגער אינדערפרי גייט אָפּ דער לעצטער צוג.

אין דערזעלבער צייט גייען אַרויס אין ים איינער נאָכן צווייטן די מינענטרעגער — קיין פעטראָגראַד! אַפ זיי פלאַ־טערן רויטע פאָנען מיטן אויפשריפט: „די גאַנצע מאַכט די ראַטן"

די קאָמאַנדעס פון די אָפּגייענדיקע שיפן שטייען אין פראָנט.

דער ביי־יאַמיקער פּאַרק איז פאַרגאָסן מיט זון און איז פול מיט מענטשן. די פינישע אַרבעטער שרייען „הוראַ!".

# III. דער שטילער קאמף

## דער מיליטער־רעוואָליוציאָנערער קאָמיטעט בא דער ארבעט

צו סמאָלנע זײַנען צוגעקומענ אלצ נײַע און נײַע רעוואָליוציאָנערע פּאָלקנ און רויטגווארדיישע טיילנ.

די נאכט פונ 25־טנ אָקטיאבער איז אינ סמאָלנע קיינער ניט געשלאָפנ. סמאָלנע האָט געלויכטנ מיט פײַער אינ דער פינצטערניש ארײַנ.

ס'האָבנ געקלאפּט שרײַב־מאשינקעס. די מאשיניסטקעס האָבנ געארבעט אָנ אופהער ביז די פינגער זײַנענ בא זיי ניט פארקליאקנעט געוואָרנ.

איבער אלע קאָרידאָרנ האָבנ זיכ געטראָגנ קוריערנ, אויס־שפּיהערס, מאָטאָציקליסטנ.

די מיטגלידער פונ מיליטער־רעוואָליוציאָנערנ קאָמיטעט האָבנ אפגיכ מיט בלײַערס אונטערגעשריבנ באפעלנ, זיכ צו־זעצנדיק אפ א מינוט און פאנאנדערלייגדיק די פּאפּירנ אפ די קני.

די דרוקערײַ, ווו עס האָבנ זיכ געדרוקט „ראבאָטשי פּוט" און „סאָלדאט", האָט שוינ ווידער אמאָל געארבעט. אהינ איז געקומענ א קאָמיסאר מיט א ראָטע סאָלדאטנ און האָט איבערגעלייענט דעמ באפעל:

„די דרוקערײַען פון די רעוואָליוציאָנערע צײַ־טונגען זײַנען אָפן".

די ערנ־פליכט צו היטן די רעוואָליוציאָנערע דרוקערײַ ווערט ארופגעלייגט אפ די סאָלדאטן פון ליטווישן פאָלק און פון דעם 6־טן סאפּיאָרישן רעזערוו־באטאליאָן".

## בריקן און אנשטאלטן

די יונקערס האָט מען באפוילן צענעמען די בריקן — דעם טראָיצקן, דוואָרצאָווון און דעם ליטיינעם. אָבער לעבן אלע בריקן זײַנען געשטאנען רויטגווארדייִשע מאכנעס. אז די רויטגווארדייער האָבן דערזען די יונקערס, האָבן זיי א כאפּ געטאָן די ביקסן און אָנגעשטעלט אפ זיי. די יונקערס זײַנען אָפּגעטראָטן און ס'האָט זיך זיי אײַנגעגעבן צענעמען נאָר דעם ניקאָלײַעווער בריק.

אָבער די שיף „אווראָרע", וואָס די רעגירונג האָט געוואָלט ארויסשיקן אין אָפענעם יאם, האָט זיך אומגעקערט קיין פּעטראָגראד און איז צוגעגאנגען צום ניקאָלײַעווער בריק. די מאטראָסן האָבן זיך ארויסגעזעצט אפן ברעג און האָבן צוריק אופגעשטעלט דעם בריק.

— איבער אלע בריקן האָבן זיך צום צענטער פון שטאָט א לאָז געטאָן רעוואָליוציאָנערע פאָלקן און די רויטע ארבעטער־גווארדיע.

דעם מעלוכע־באנק האָט באוואכט א קאראול פון סעמענאָווער פאָלק. אהער איז אראָפּגעקומען א מיטגליד פון מיליטער־רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט אין באגלייטונג פון מאטראָסן.

— גיט איבער אײַער פּאָסטנ צו די מאַטראָסנ, — האָט זיך אָנגערופנ דער מיטגליד פונ מיליטער־רעוואָליוציאָנערנ קאָמיטעט.

נאָר די סעמענאָווצעס האָבנ זיך באַליידיקט אונ ניט געוואָלט איבערגעבנ די וואַך.

— וואָס הייסט, איר גלויבט אונדז ניט, וואָס? — האָבנ זיי געטענהט. — מיר זײַנענ אויך פאַרנ ראַט.

זײַנענ די סעמענאָווצעס געבליבנ אַפ דער וואַך.

באַנאַכט זײַנענ צומ באַנק אָנגעקומענ יונקערס.

— מיר זײַנענ געקומענ אײַך אומבײַטנ, — האָבנ געזאָגט די יונקערס.

— טראָגט זיך אָפּ צוריק מיט גוטנס! — האָבנ געזאָגט די סעמענאָווצעס. — נישקאָשע, מיר וועלנ ניט מיד ווערנ אפילע ס'זאָל אונדז אויסקומענ א גאַנצע נאַכט אָפּשטיינ!

אַזוי איז דער מעלוכע־באַנק געבליבנ אינ די הענט פונ די ראַטנ. דאָרטנ איז געזעסנ דער קאָמיסאַר פונ מיליטער־רעוואָליוציאָנערנ קאָמיטעט, אונ אַפ דער וואַך זײַנענ געשטאַנענ די סעמענאָווצעס אָנ אַנ אומבײַט א גאַנצע נאַכט.

פינפ אַזייגער אינאָווונט איז צו דער געבײַדע פונ הויפּט־טעלעגראַפ צוגעפאָרנ אַנ אווטאָמאָביל. פונ אווטאָמאָביל זײַנענ ארויס דרײַ קאָמיסאַרנ פונ מיליטער־רעוואָליוציאָנערנ קאָמיטעט.

די וואַך פונ קעקסהאָלמער פּאָלק, וואָס די רעגירונג האָט אוועקגעשטעלט, איז אריבער אַפ דער זײַט פונ די ראַטנ. איינער פונ די דרײַ קאָמיסאַרנ איז געבליבנ אַפנ טעלעגראַפ, די איבעריקע זײַנענ אוועקגעפאָרנ ווײַטער.

דעמ 25־טנ אָקטיאַבער באַנאַכט האָט דער טעלעגראַפ איבערגעגעבנ אינ אַלע שטעט אונ אַפנ פראָנט די ידיעה וועגנ דער רעוואָליוציע.

# די טעלעפאָן-סטאנציע

זעקס אזייגער אינדערפרי. בא דער טעלעפאָן־סטאנציע דע־זשורעט א בראָנעוויק מיט יונקערס.

— סארא גוטע מאשינ א בראָנעוויק איז, — זאָגט איינ יונקער.

— מיט וואָס איז זי עס אזא גוטע? — פרעגט זיַנ כאווער אונ געגעצט דערביַי.

— ווי הייסט מיט וואָס? אינ א בראָנעוויק זיצסטו ווי אינ א פעסטונג. די קוילנ שפּרינגענ אָפּ פונ בראָנעוויק, אונ דו קענסט פאר א קילאָמעטער אפילע טויזנט־מענטשנ צעשיסנ.

— כיַי וואָלט זיכ שוינ גיכער ענדיקנ אונדזער דעזשורענ. אומזיסט זיצנ מיר דאָ...

פלוצלינג האָט א סאָוועטישע טייל פעסט ארומגערינגלט דעם בראָנעוויק, פארכאפּט די יונקערס אונ זיי ארעסטירט. די טייל האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ אינ הויפ אריַינ.

אינ הויפ איז געשטאנענ א גאנצע מאכנע יונקערס. זיי האָבנ דערהערט א גערויש, מע לאָדט אָנ ביקסנ.

איז געוואָרנ צווישנ די יונקערס א בעהאָלע.

אינ ענגנ הויפ זיַינענ די מענטשנ ווי אינ א קאסטנ אָנגעשטופּט געווענ.

— יונקערס, נעמט ארויס די פּאטראָנעס! — האָט א הויכ זי־כער קאָל אויסגעשריִענ.

די יונקערס האָבנ ניט געכאפּט וועמעס איז עס קאָל אונ האָבנ ניט זיכער גענומענ אויסלאָדנ די ביקסנ. מע האָט זיי גליַיכ ארומגערינגלט, דער קאָמיסאר פונ מיליטער־רעוואָליו־ציִאָנערנ קאָמיטעט לאשעוויטש שמייכלט אונ זאָגט:

— בראוואָ, יונקערס! איר זײַנט געוווינט פּאָלגן דער קאָ־מאַנדע: האָט איר גלײַך מײַן קאָמאַנדע אויסגעפּילט!

און 7 אזייגער אינדערפרי האָבן אלע סמאָלנער טעלעפאָנען ווידער אָנגעהויבן ארבעטן. דערפאר אָבער האָט מען די שטאָב־טעלעפאָנען אלע אויסגעשלאָסן. דער שטאָב איז געוואָרן ווי א טויב־שטומער: ניט ער באקומט פון ערגעץ יעדיעס, ניט ער קען זײַנע באפעלן ערגעץ איבערגעבן.

## קערענסקי באפוילט

— נו, די קאָזאקן וועלן ניט פאראטן,— האָט מען גערעדט אין שטאָב.—מע האָט אוועקגעשיקט נאָך די קאזאקן. זיי האָבן געענטפערט: „מיר זאָטלען די פערד, טייקעף קומען מיר".

ס'גייט דורך א שאָ, צוויי, מע שיקט ווײַטער צו זיי, מע הייסט זיי זיך אונטערײַלן.

— אָט ענדיקן מיר נאָר זאָטלען די פערד, פאָרן מיר ארויס,— ענטפערן די קאָזאקן,— און פוסגייער־מיליטער גייט אויך מיט אונדז?

די צײַט שטייט ניט, און די קאָזאקן זײַנען נאָך אלץ ניטאָ. עפּעס זייער לאנג זאָטלען זיי די פערד! און צום סאָף שרײַבט שוין קערענסקי אליין:

„איך באפעל דעם I, VI, XIV קאזאקן־פּאָלק אין נאָמען פון דער פרײַהײַט, ערע און רום פון פאָטערלאנד ארויסצו־טרעטן צו הילף דער צײַטווײַליקער רעגירונג און ראטעווען רוסלאנד, וואָס גייט אונטער".

די קאזאקן האָבן געענטפערט: „ווען פוסגייער־מיליטער טרעט ארויס מיט אונדז איז עפּעס אנדערש. און מיר אליין זאָלן

קריכן אין פייער, איז אונדז שווער", און זיי האָבן זיך ניט גערירט פון אָרט.

די בראָנעוויקעס האָבן געהאָלפן דעם ראט. די מיליטער־טיילן, וואָס די רעגירונג האָט ארויסגערופן פון פעטערהאָף, זיינען ניט אָנגעקומען. פון פאוולאָווער שול האָט מען איבער־געגעבן: „מיר וואָלטן גערן געהאָלפן דער ציײטווייליקער רעגי־רונג, שטייט דאָ אָבער לעבן אונדז דער גרענאַדיאָרן־פּאָלק, און ער איז פאר די באָלשעוויקעס, ער וועט סיי־ווי אונדז ניט דורכלאָזן!"

## קערענסקי אנטלויפט

פיר אזייגער באנאכט איז קערענסקי געקומען אין שטאב אריין.

— וואָס טוט מען? — האָט ער א פרעג געטאָן בא פּאָלקאָווני־קאָוון. — מיר האָבן קיין מיליטער ניט!

— דעריקער — רויקייט, — האָט געענטפערט פּאָלקאָווניקאָוו, — קיין מיליטער האָבן מיר טאקע ניט, אָבער מיר דארפן קלאָר און אנטשלאָסן האנדלען.

— איך באפריי אייך פון דעם פּאָסטן פון הויפּט־קאָמאנדיר! — האָט קערענסקי א געשריי געטאָן. — אפ אייער אָרט באשטים איך דעם גענעראל באגראטוני.

דער גענעראל באגראטוני איז געוואָרן דער הויפּט־קאָמאנ־דיר איבער פעטראָגראדער מיליטער.

בא אים זיינען געווען מיטארבעטער, א קאנצעליאריע, אָבער קיין סאָלדאטן האָט ער ניט געהאט.

און אז עס זיינען צו אים געקומען די פאָרשטייער פון פעטראָ־פאוולאָווער פעסטונג און האָבן געפאָדערט, ער זאָל זיי איבער־

געבן דעם שטאב, האָט באגראטוני אָנגעטון דעם מאנטל און דאָס היטל, א כאפּ געטאָן אונטערן האנט דעם פּאָרטפעל און איז אוועק דורך דוואָרצאָווע פלאץ צום ווינטער־פאלאץ: אין ווינטער־פאלאץ זײַנען כאָטש יונקערס געווען, שלאָגלערנס פון פּרויען־פּאָלק, און די צײַטווײַליקע רעגירונג האָט אָפּגעהאלטן אירע זיצונגען דאָרט.

גאנצפרי האָט זיך קערענסקי ארײַנגעזעצט אין אווטאָמאָביל ארײַן. ער האָט א קוק געטאָן אף די גרויסע רויטע געבײַדעס פון ווינטער־פאלאץ און פון שטאב. האָט ער כאָטש געוווסט, אז ער קוקט אף זיי דעם לעצטן מאָל? דער אווטאָמאָביל האָט זיך אוועקגעיאָגט אין פולן גאנג — פון פּעטראָגראד אפן פראָנט, נאָך הילף.

## די רויטע גווארדיע

פון כוידעש סענטיאבער אָן האָבן די ארבעטער אף די זא־וואָדן שוין אָרגאניזירט די רויטע גווארדיע. מע פלעג קריגן ביקסן און זיי באהאלטן אף די בוידעמער. נאָך דער ארבעט פלעג מען זיך לערנען שיסן. מע פלעג אויסקלײַבן קאָמאנדירן און באשטימען דאָס אָרט, וווּ זיך אופצוקלײַבן.

— געדענקט, — האָבן געזאָגט די עלטסטע פון די וואָוואָדן,— דרײַ דויערנדיקע זאוואָדישע הודקעס, אפילע אינמיטן דער נאכט, דארף מען גלײַך זײַן אלע אף די ערטער!

צען באוואָפנטע ארבעטער מיט א קאָמאנדיר האָבן געהייסן — א רויט גווארדײַישער צענדליק. פיר צענדליקער — א וואָוואָד. דרײַ וואָוואָדן — א דרוזשינע, און דרײַ דרוזשינעס — א בא־טאליאָן. אלע באטאליאָנעס פון איין ראיאָן — האָבן געהייסן

דער ראיאָנער אָטריאַד. די מיליטער־לערע פּלעג פּאָרקומען מערסטנטייל אין די הינטער־געסלעך אַפּ פּוסטע פּלעצער. די ווזוואָדנעס האָבן געוויזן, וויאַזוי מע דאַרף זיך באַגיין מיטן געווער, וויאַזוי אַרומרינגלען דעם סוינע און וויאַזוי צונעמען בא אים די קוילנוואַרפערס.

— לערן אונדז בעסער, וויאַזוי צו טרעפן דעם סוינע גלייך אין קאָפּ אַריין,— פּלעגן זאָגן די יונגע אַרבעטער,— ס'דען פּאַר אונדז אַן אַרבעט לערנען מיליטערישע קונצן!

— אָן מיליטערישע געניטקייט וועט איר זיך נאָר אַלייַן די קעפּ צעבּרעכן,— האָבן זיי געענטפערט די קאָמאַנדירן און האָבן פּאָרגעזעצט זייער לערע.

דעם 25־טן אָקטיאַבער באַנאַכט זיינען פון די זאַוואָדישע טויערס אַרויס אויסגעפּאָרמירטע צענדליקער, ווזוואָדן, דרוזשינעס און באַטאַליאָנען.

אייניקע זיינען געגאַנגען צופוס, אייניקע זיינען געפאָרן אַפּ פּראַכט־אווטאָמאָבילן. די אַרבעטערנס האָבן אָנגעבונדן אַפּ די אָרבל אַ סטענגע מיט אַ רויטן קרייץ און זיינען אַוועק אייניינעם מיט די אַרבעטער־אָטריאַדן.

## צום ווינטער־פּאַלאַץ

איבערן טונקעלן קאָמענאָסטראָווער פּראָספּעקט איז געגאַנגען אַ רויטגוואַרדייַשער ווזוואָד. ער איז אַריבער דעם טראָיִצקן בריק. באַם גרויסן פּוסטן מאַרס־פעלד איז געשטאַנען אַ מענגע סאָלדאַטן.

— כאַווייריִם, איר ווייסט וואָס מיר ווילן דאָ אופּטון?— האָט אַ סאָלדאַט אַ פרעג געטאָן די רויטגוואַרדייער.

— מיר ווייסן, — האָבן געענטפערט די רויטגווארדייער, ניט ווייסנדיק נאָך אפּ קלאָר, פאר וועמען שטייען אָט די־אָ סאָלדאטן: פארן ראט אָדער פאר דער צײַטווײַליקער רע־גירונג.

— איז אויב איר ווייסט, — האָט ווײַטער זיך אָנגערופן דער סאָלדאט, — ווייסט איר אויך געוויס, אַז הײַנטיקע נאכט וועט באשליסן אונדזער גורל: אָדער לעבן ווי פרײַע בירגער, אָדער שטארבן! זאָל לעבן דער ראט פון ארבעטער־, סאָלדאטן־און פויערים־דעפּוטאטן. הורא!

— הורא! — האָבן מיט אלע קויכעס אונטערגעכאפּט די רויטגווארדייער.

און אלע אײנײנעם, די סאָלדאטן און די ארבעטער זײַ־נען אוועק אין פינצטערער נאכט ארײַן: זיי זײַנען געגאנגען צום ווינטער־פּאלאץ נעמען אין געפענקעניש די צײַטווײַ־ליקע רעגירונג.

איבערן שטאָט זײַנען דורכגעלאָפן ווײַסע פאסן: דאָס האָט די שיף „אווראָרע" אָנגעשטעלט אירע פּראָזשעקטערס אפן ווינ־טער־פּאלאץ.

## דער מענטש מיט די גרויסע ברילן

דעם 25־טן אָקטיאבער אינדערפרי איז אין איינעם פון סמאָלנער צימערן געזעסן א מענטש מיט זייער א מעשונע־מאָדנעם אויסזען. דער קאָפּ איז געווען ארומגעבונדן מיט א טיכל עפּעס, ווי די ציין וואָלטן אים ווי געטון; די אויגן זײַ־נען געווען באהאלטן אונטער א פּאָר גרויסע ברילן; אפן קאָפּ אן אלטינק קארטוזל; די באָרד — געגאָלט.

לעבן אים זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען מענשעוויקעס. אײנער פֿון זײ האָט זיך אָפּגעשטעלט, אופֿמערקזאַם זיך אײַנגעקוקט אין דעם מענטשן מיטן היטל און אַ שטורכע געטאָן מיטן עלנ־בויגן זײַן כאַווער.

— זײ האָבן מיך אָבער דערקענט, די זשוליקעס, — האָט זיך אָנגערופֿן דער מענטש אינעם קאַרטוז. זײַן כאַווער האָט אים אָפּגעענטפֿערט מיט אַ שמײכל:

— נו, איצט איז עס ניט אַזוי געפֿערלעך, וואָלאָדימיר איליטש.

יאָ, איצט האָט שוין די צײַטווײַליקע רעגירונג ניט געקענט אַרעסטירן לענינען. די רעגירונג האָט אַלײן געוואַרט פֿון מי־נוט אויף מינוט, אַז מע זאָל זי אַרעסטירן.

און אין דער צײַט איז איבער גאַנץ רוסלאַנד געפֿלויגן ראַ־דיאָ־כוואַליעס:

„צום טיל און פֿראָנט. אין פּעטראָגראַד איז די מאַכט פֿון דעם מיליטער־רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט פֿון פּעטראָגראַדער ראַט. די אופֿגעשטאַנענע סאָלדאַטן און אַרבעטער האָבן גע־זיגט אָן דער מינדסטער בלוט־פֿאַרגיסונג, אין דעם גאַנצן לאַנד גײט איבער די מאַכט צו די ראַטן.

דער מיליטער־רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט“.

# IV. די נאכט פון ראטנ-צוזאמענפאָר

## אינ גרויסנ זאל

אכט אזייגער אינאָוונט איז סמאָלנע געווענ פול מיט פאָר־שטייער, וואָס זײַנענ געקומענ צו פאָרנ אפ דעמ ראטנ־צוזאמענ־פאָר. זעקס הונדערט מענטשנ האָבנ געווארט אפ דער עפענונג פונעמ צוזאמענפאָר.

לענינ האָט אומגעדולדיק אומגעשפאנט אינ קליינ צימערל פונ ווינקל צו ווינקל. „מע דארפ עפענענ די זיצונג, אונ דעמ ווינטער־פאלאצ האָט מענ נאָכ אלצ ניט גענומענ!"—האָט לענינ געשריבנ צעטעלעכ צו די מיטגלידער פונ מיליטער־רעוואָלוצי־אָנערנ קאָמיטעט.

אינ דעמ גרויסנ סמאָלנער זאָל איז שוינ געווענ אזויפיל מענטשנ, אז ס'איז ניט געווענ ווו זיכ א קער צו טונ. מע איז געזעסנ אפ די בענקלעכ, אפ די בענק, אפ די פענצטער; מע איז געשטאנענ צווישנ די קאָלאָנעס. דער הויכער ווײַסער זאל איז געווענ ניט געהייצט, נאָר ער האָט זיכ אָנגעווארעמט פונ דעמ געדיכטנ צונויפגעשטיקטנ אוילעמ מענטשנ אינ מאנטלענ, שינעלנ, פעלצלעכ אונ לעדערנע רעקלעכ.

דער דיל איז שוינ געווענ באדעקט מיט שטיקלעכ ציגארנ, פונ אלע זײַטנ האָבנ אינדערהויכ זיכ געהויבנ רויכלעכ פונ פאפיראָסנ, לולקעס אונ „ציגענע פיסלעכ". דער געדיכטער מא־

כאָרקע־רויך איז געהאנגען אין דער לופט. פונעם רויך האָט ארויסגעשײַנט דער גרויסער קרישטאָלענער הענגלײַכטער און הונדערטער עלעקטרישע לעמפלעך אין די קאנדעליאַבּרעס.

אלע מענטשן, וואָס האָבּן זיך אהער אין זאל ארײַן אופּגעקליבן פון אַלע עקן רוסלאנד, האָבּן מיט אומרו געוואַרט, — ווען־זשע וועט זיך סאָפּקאָלסאָפּ עפענען דער צוזאמענפאָר פון די ראטן, דער צוזאמענפאָר, וואָס דארף אלץ פאַרענטפערן! ער האָט דאָך נאָך באטאָג געדארפט זיך עפענען!

דעם 25־טן אָקטיאבּער 1917־טן יאָר צען אזייגער מיט 40 מינוט אינאָוונט האָט זיך דער צוזאמענפאָר סאָפּקאָלסאָפּ געעפנט, כאָטש דער ווינטער־פאלאצ איז נאָך ניט געווען אײַנגענומען.

## סמאָלנע אמאָל

מיט דרײַ יאָר צוריק, אין 1914־טן יאָר, איז דער ווײַסער זאל אויך געווען פול מיט מענטשן. מע האָט געפײַערט דעם 150־טן יאָרטאָג פון סמאָלנער אינסטיטוט, וואָס אין אים פלעגן דערצויגן ווערן די טעכטערלעך פון אדל.

הונדערט און פופציק יאָר האָבּן אין סמאָלנע געווינט אינסטיטוטקעס. זיי האָבּן זיך געלערנט, שפּאצירט פּאָרווײַז איבּער די לאנגע קאָרידאָרן, האָבּן געשריבּן טאָגבּיכלעך. אין אינסטיטוט האָט מען די מיידלעך געלערנט די רוסישע שפּראך און פרעמדע שפּראכן, געשיכטע, געאָגראפיע, מאטעמאטיק, האנטארבּעט און פײַנע מאניערן. נאָר וועגן איינס האָט מען אין אינסטיטוט ניט גערעדט: וועגן דעם, ווי ס'ארבּעט און הונגערט דאָס רוסישע פאָלק, וועגן דעם, וויפל פויערשע יינגעלעך און

מיידלעך עס בלײַבן אף זייער גאנצן לעבן פארגרעבט, אנ־אלפאבעטיש.

קיינער האָט ניט געוווּסט, אז דאָס איז שוין געווען דער לעצטער יאָנטעוו פון אינסטיטוט, אז אין דרײַ יאָר ארום וועט שוין ניט זײַן ניט קיין אינסטיטוט, ניט קיין אדל.

באם ארײַנפאָר זײַנען אין א שורע געשטאנען 22 אווטאָמאָ־בילן מיט צוויי קארעטעס. אין דעם גרויסן זאל האָבן טייטל־ביימער צעשפרייט זייערע בלעטער.

די טייטל־ביימער האָט מען געבראכט פון די אָראנזשערייעס פונעם טאווּרישן פאלאץ.

אינדערפרי האָבן די קלאסנע דאמעס צעפלאָכטן די אינ־סטיטוטקעס די צעפלעך, וואָס מע פלעגט זיי פארפלעכטן אף באנאַכט, און האָבן זיי געלערנט, ווי צו באגריסן דעם קייסער פיר הונדערט מיידלעך אין ווײַסן אָנגעטאָן האָבן אלע ווי איינע געמאכט א קניקס, זיך צוגעזעצט, ווען דער קייסער איז ארײַנגעקומען.

„מיר האָבן דאָס גליק צו באגריסן אײַער קייזערלעכע מאַ־יעסטעט!"—האָבן זיי אויסגעשריִען זייער אויסגעכאַזערטע פראזע דער קייסער איז מיט א רוּיִקן שמייכל דורכגעגאנגען דעם לאנגן קאָרידאָר; אין ביידע זײַטן קאָרידאָר זײַנען געשטאנען די מיידלעך אין גלײַכע רייען, ווי סאָלדאטן אף א פאראד.

אנטקעגן אף באגילטע שטולן זײַנען געזעסן דער קייסער מיט דער קייסערינע, זייערע טעכטער, די גרויס־פירשטן, גרויס־פירשטנס און גלאט פירשטן און פירשטנס. נאָך זיי—די קיי־זערלעכע סוויטע, גענעראלן, העכערע באאמטע מיט אָרדענס אפן ברוסט. די אינסטיטוטקעס זײַנען געשטאנען הינטער די קאָלאָנעס אין קאָרידאָר, און אן אלטער גענעראל האָט גע־

האלטן פאר זיי א רעדע וועגן דעם, אז גאנץ רוסלאנד קען סמאָלנע און האָט ליב סמאָלנע דערפאר, ווײַל עס איז שוין אָנדערהאַלבן הונדערט יאָר, אז עס געפינט זיך אין סמאָלנע דער אינסטיטוט פאר אדעליקע טעכטער, וואָס ווערן דערצויגן צו זײַן איבערגעגעבן דעם קייסער, דער קירכע און דעם פאָטערלאנד, און ער ווינטשט און האָפט, אז דער אינסטיטוט וועט שטיין נאָך 150 יאָר!

זעכצן מיידלעך האָבן געטאנצט אַן אַלטן טאנץ מיט שאלן און א מאזורקע. מע האָט געשפילט אף א הארפע און אף צוויי ראָיאלן. איינע מיידעלע האָט איבערגעלייענט א געדיכט „זײַ געגריסט, גרויסער קעניג".

דערנאָך האָט מען זיך אלע געזעצט צו די טישן, געדעקטע מיט בלענדנדיק ווײַסע טישטעכער. אין קרישטאָלענע וואזעס זײַנען געלעגן טײַערע פרוכטן.

אז מע האָט דעם קייסער אָנגעגאָסן שאמפאניער, האָבן די מיידלעך צעבראָכן דאָס פלעשל, און יעדערע פון זיי האָט זיך גענומען א שטיקל גלאָז פונעם צעבראָכענעם פלעשל אף אן אָנדענק.

דער קייסער האָט נאָך געשענקט זײַנע הענטשקעס, און די מיידלעך האָבן זיי צעשניטן אף קליינע שטיקעלעך און יעדערע האָט זיך גענומען א שטיקל. מע האָט געשריגן „הורא".

און אז דער קייסער האָט זיך נאָכן עסן געלאָזן צום ארויסגאנג, האָבן זיך נאָך אים אופגעהויבן אלע געסט. די מיידלעך האָבן זיך צונויפגעשטופט לעבן טיר און האָבן עטלעכע מאָל נאָכאנאנד אָפגעזונגען:

„באָזשע, צאריא כראני"

# אונטערן דונער פון הארמאטן

אזייגער עלף אינאָווענט איז אף דער טריבונע ארויף א כמורנער מענטש מיט א פליכעוואטן קאָפּ, אין א פאָרמע פון א מיליטער־דאָקטער: דער מענשעוויק דאן. אין זאל איז געוואָרן שטיל.

— איך האלט דעם צוזאמענפאָר פון די ראטן פאר געעפנט, — האָט דאן געזאָגט. — איצט איז ניט קיין צייט פאר רעדעס. אין דער מינוט, וואָס איך רעד דאָ, געפינען זיך אונדזערע כאווירים, די מיניסטאָרן, אין ווינטער־פאלאץ אונטער א פייער פון קוילן. איך לייג פאָר אויסקלייבן א פאָרזיצער.

אין פינף מינוט ארום איז צום אָרט פון פאָרזיצער צוגעגאנגען א באָלשעוויק.

דער נייער פאָרזיצער איז געווען אָנגעטון אין אן אָפּגעריבענעם סערדעס. רויק, מיט א גוטמוטיקן שמייכל האָט ער פארשריבן די פאמיליעס פון די מענטשן, וואָס האָבן אופגערעגט געבעטן ווערטער.

פלוצים האָט זיך דערהערט א ווייטער פארטויבנדיקער קלאפּ, ס׳האָט א ציטער געטאָן דער קרישטאָלענער הענגלאָמפּ, און די שויבן האָבן א קלונג געטאָן. אלע האָבן פארשטאנען, אז דאָס האָבן די הארמאטן פון פעטראָפּאוולאָווער פעסטונג אויסגעשאָסן אפן ווינטער־פאלאץ.

— גיט א פאראָרדענונג, מע זאָל אופהערן צו שיסן. עס שטערט דער ארבעט פון דעם צוזאמענפאָר! — האָט עמעצער אויסגעשריען.

— ווען קען עס שטערן די שיסעריי? — ענטפערט מען אים, — פארקערט, דאָס העלפט אונדז ארבעטן...

און די זיצונג גייט זיך ווײַטער אונטער דעם שטעפּן פֿון 3 קוילנוואַרפֿערס.

די מענשעוויסטישע פֿאָרשטייער און די עסערן זאָגן:

— איר, באָלשעוויקעס, זײַט עמעסע מעשוגאָים און פֿאַר־ברעכערס. איר האָט פֿאַרקאָכט אַזאַ קאַשע, וואָס איר וועט זי קיינמאָל ניט אויפֿעסן. איר האָט געגעבן אַזעלכע צוזאָגן, וואָס איר וועט זיי קיינמאָל ניט אויספֿילן. איר האָט פֿאַרכאַפּט די מאַכט אָן אונדזער האַסקאָמע. איר ברענגט אום די רעוואָ־ליוציע. אין עטלעכע טעג אַרום וועלן די אַרבעטער זיך אָפּ־קערן פֿון אײַך, די פּויערים וועלן אײַך קיין ברויט ניט געבן. דאָס דײַטשישע מיליטער וועט אײַך דערשטיקן. און קעדיי אַלע זאָלן וויסן, אַז מיר זײַנען ניט מיט אײַך און אַז מיר האָבן צו אײַך און צו אײַערע מײַסים קיין שײַכעס ניט, גייען מיר גלײַך אַוועק פֿונעם צוזאַמענפֿאָר.

אַ קליינער טייל מענשעוויקעס און עסערן שטופּן זיך דורך דורכן גאַנצן זאַל צום אַרויסגאַנג.

— האָט אַ גליקלעכן שליטוועגס! — שרײַט מען זיי נאָך. — אָן אײַך וועלן מיר ניט ווערן שוואַכער, נאָר שטאַרקער.

עטלעכע מענשעוויקעס בלײַבן־דאָך, און אין זייער נאָמען רעדט אַ נײַער רעדנער:

— שטעלט אָפּ דאָס שיסערײַ! — שרײַט ער, אונטערשפּאַרנדיק זיך מיט אַ ציטעריקער האַנט און וואַרפֿנדיק דערבײַ מיט דעם צעקודלעטן קאָפּ, — וועלן מיר זיך ווי ס׳ניט איז צונויפֿ־ריידן!

ער נעמט אַראָפּ פֿון נאָז די ברילן און ווישט אויס די פֿאַר־שוויצטע גלעזלעך. בײַ אים איז אַ בלייכער פּאָנעם, אָן אַ טראָפּן בלוט.

# אין פעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג

די באַלאַגערונג פון ווינטער־פּאַלאַץ האָט זיך פאַרצויגן.

ס׳געווען אָפּגערעדט, אַז ווען אין פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג וועט שוין אַלץ זיין גרייט און די אַרמאַטן וועלן שוין זיין אָנגעשטעלט אויפן ווינטער־פּאַלאַץ, זאָל מען אויפהענגען אויף דעם פעסטונג־שפּיץ אַ רויטן לאַמטערנדל. אויפן ווינטער־פּאַלאַץ וועט מען דעמאָלט אָנפאַלן פון דריי זייטן: די פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג און „אַווראָרע" וועלן באַשיסן דעם ווינטער־פּאַלאַץ, און די סאָוועטישע אָטריאַדן וועלן אָנגרייפן פון דוואָרצאָווע פּלאַץ.

אָבער אין דער לעצטער מינוט האָט זיך פּונקט ניט געפונען קיין רויטער לאַמטערן צו דער האַנט, און אַז מע האָט שוין אים יאָ געקראָגן, האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז ס׳איז גאָרניט אַזוי גרינג אויפצוהענגען אויפן שפּיל.

און דעריקער — איז עפּעס מיט די אַרמאַטן פאָרגעקומען אַ מיספאַרשטייעניש.

די אַרטילעריסטן האָבן געמאָלדן:

„פון אונדזערע אַרמאַטן קען מען ניט שיסן מיט קיין ריג־סנאַריאַדן. זיי טויגן בלויז אויף סאַליוטן. באַם ערשטן שאָס וועלן זיי זיך אויפרייסן און וועלן נאָך אונדז אַליין דערהאַרגענען".

דער קאָמיסאַר האָט אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער. די אַרטילעריסטן האָבן געזאָגט: „איר קענט אונדז, פאַרשטייט זיך, ניט גלויבן, נאָר מיר זאָגן אייך אויף אונדזער ערנוואָרט, אַז פון די אַרמאַטן איז זייער געפערלעך צו שיסן".

דער קאָמיסאַר האָט אין די אַרמאַטן גאָרניט ניט פאַרשטאַנען. וואָס האָט ער געקענט טון?

אָבער גראָד אין דער צײַט איז אָנגעקומען אין פּעטראָ־פּאַוולאָווער פעסטונג א מאכנע מאטראָסן. צווישן זיי זײַנען שוין געווען מענטשן, וואָס האָבן יאָ געוווּסט ווי זיך צו באגיין מיט א הארמאט.

זיי האָבן פארכאפּט א פּאָר קעראָסין־לאָמפּן און האָבן זיך געלאָזן גיין אין דער פינצטער, אין דער בלאָטע באטראכטן די הארמאטן.

די מאטראָסן האָבן געזאָגט:

„די הארמאטן־טײלן זײַנען טאקע אפּ אן עמעס פארזשאווערט געוואָרן, און קיין אייל איז ניטאָ. דאָך וועלן מיר פונדעסט־וועגן פּרוּוון שיסן. עפּשער וועלן זיי אויסהאלטן".

דענסמאָלט האָט מען ארופגעצויגן דעם רויטן לאמטערנדל. די הארמאטן פון פּעטראָפּאוולאָווער פעסטונג האָבן אָנגעהויבן שיסן. ס'האָבן גענומען ארבעטן די הארמאטן פון „אווראָרע".

אין ווינטער־פּאלאץ איז גלײַך אויסגעלאָשן געוואָרן אלע פײַערן.

## אין נאָמען פון דער ארמיי

נאָר אָט טרעט ארויס אן אָפיצער מיט א ציגן בערדל.

— אין נאָמען פון דער ארמיי, וואָס אפּן פראָנט,— האָט ער גענומען שרײַען, אן אָנגעברייגעזטער און בייזער,— מעלדע איך, אז דער גאנצער פראָנט, ווי איינער, איז קעגן פארכאפּן די מאכט!

— וואָס זאָגסטו אפּ אים! שרײַט מען פון די ערטער.— פון שטאב א געשיקטער! מע דערקענט די פייגל נאָכן פליִען. דו זאָג נאָר, זײַ אזוי גוט, ווער האָט דיך געשיקט...— די סאָלדאטן לאכן.

דער אָפּיצער גלײַכט זיך אויס און שטעלט ארויס די ברוסט. ער ווערט אינגאַנצן רויט. און ניט ער שרײַט, נאָר ער רעוועט שוין:

— ווער האָט מיך געשיקט? איך בין אויסגעוויילט אַפּן צוזאַמענפאָר פון די פאָרשטייער פון אַלע פראָנטן און אַרמייען. אין נאָמען פון די אַרמייִשע קאָמיטעטן I, II, III, IV, V, VI, VII, VIII, IX, X, XI, XII, אין נאָמען פון דער באַזונדערער אַרמיי און אין נאָמען פון דער קאַווקאַזער אַרמיי,— הייבט ער אַלץ העכער זײַן קאָל,— זאָג איך אײַך: אַז די באָלשעוויקעס האָבן אַרײַנגעזעצט אַ מעסער אין רוקן דער רעוואָליוציע, נאָר מיר, דער פראָנט, וועלן קעמפן מיט אײַך; ניט דאָ, און ניט מיט קיין ווערטער, נאָר מיט האַרמאַטן!

די סאָלדאַטן פײַפן ביז טויב צו ווערן. דער אָפּיצער טרייסלט אין ווילדן קאַס מיטן ציגן בערדל, אָבער זײַן קאָל הערט מען ניט. ער פאַרלאָזט דעם צוזאַמענפאָר. און מיט אים אײנײנעם גייען אַוועק נאָך עטלעכע.

— גיכער, גיכער, אַניט וועלן מיר אײַך אַלײן אַרויסטרײַבן!— שרײַט מען זיי נאָך.

אַפּ דער טריבונע איז אַרויס אַ מאַטראָס פון שיף „אַווראָרע".

— זאָל לעבן דער רעוואָליוציאָנערער פּלאַן!— האָט אים דער צוזאַמענפאָר באַגריסט.

— דער ווינטער־פּאַלאַץ גייט אויס, „אַווראָרע" שיסט גלײַך אַפּ אים,— דערציילט דער מאַטראָס פון „אַווראָרע".

דעמאָלט האָבן די איבערגעבליבענע מענשעוויקעס זיך אויפגעהויבן און געמאָלדן:

— מיר וועלן אומקומען אײנײנעם מיט דער צײַטווײַליקער רעגירונג.

און אײַנגעהויקערטע שפּאַרן זיי זיך דורכן דורכגאַנג פון אוילעם צום אַרויסגאַנג און שרײַען:

— מיר גייען אַוועק!

— וויפל מאָל וועט איר נאָך אַוועקגיין? — שרײַט מען זיי נאָך. — גייט אַוועק אַלע מיטאַמאָל!

ס׳שוין שפּעט אין דער נאַכט. צווישן אוילעם שפּאַרט זיך דורך דער נאַר־וואָס געקומענער אַנטאָנאָוו־אָווסייענקאָ. ס׳געוואָרן מיטאַמאָל שטיל. ווען אין זאַל זאָל איצט זײַן אַ בלינדער, וואָלט ער געוויס געקלערט, אַז דער זאַל איז ליידיק.

ניט קיין געגאָלטער, אין אַ קריטיקן קראַגן, קוקט ער מיט שרעקלעך מידע אויגן אין אוילעם אַרײַן און רעדט:

— דער ווינטער־פּאַלאַץ איז גענומען. קערענסקי איז אַנט־לאָפן. די מיניסטאָרן זײַנען אַרעסטירט.

## אין ווינטער־פּאַלאַץ

די נאַכט, וואָס אַפן 25־טן אָקטיאַבער, איז דער ווינטער־פּאַלאַץ שוין געווען אַפּ העלפט פאַרנומען מיט מאַטראָסן, סאָל־דאַטן און אַרבעטער. די מיניסטאָרן זײַנען אַוועק אין דעם הינטערשטן טייל פון פּאַלאַץ. זיי זײַנען געזעסן דרײַצן מענטשן אַרום אַ לאַנגן טיש אין שוואַרצע פּרעק, אין ווײַסע מאַנישקעס און האָבן געוואַרט, וואָס וועט ווײַטער זײַן. פּלוצים האָט אָנגע־קלונגען דער טעלעפאָן. אַלע האָבן אַ ציטער געטאָן און גענומען האָפן אַפּ הילף. איינער פון די מיניסטאָרן איז צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן.

— דער ווינטער־פּאַלאַץ?

— יאָ.



4—33

— ס'פרעגט דער ליטווישער פּאָלק. די בורזשואזע רעגירונג איז שוין ארעסטירט, כּאווער?

— ניין, מיר זײַנען נאָך ניט ארעסטירט,— האָט געענט־פערט דער מיניסטער.

— נאָך אלץ ניט ארעסטירט! נו, מיר האָפן, אז מע וועט אײַך באלד ארעסטירן. אדיע.

אין א שאָ ארום האָט ווידער אָנגעקלונגען דער טעלעפאָן. נאָר דאָס מאָל איז שוין צום טעלעפאָן צוגעגאנגען א סאָלדאט.

— איך הער.

— טוט א רוף, זײַט אזוי גוט, עמעצן פון די מיניסטאָרן.

— ס'איז אומעגלעך. מיר האָבן שוין זיי אלע אָפּגעשיקט אין פּעטראָפּאוולאָווער פעסטונג!

## מיט וועמען וועט גיין דער פראָנט

— פרייט זיך, פרייט זיך!—האָט מיט א ציטעריקער שטים פון קאס געערעדט דער עסער, וואָס איז ארופ נאָך אנטאָנאָוו־אָווּ־סײענקען אף דער טריבונע.— איר האָט געזיגט— אף א שאָ! איר האָט פארכאפּט דעם ווינטער־פּאלאץ און 13 מיניסטאָרן. נאָר אף וואָס דארפט איר דעם ווינטער־פּאלאץ מיט אלע 13 מיניסטאָרן, אז דער, נאָך וועמען איר האָט זיך געיאָגט, קע־רענסקי, האָט זיך ארויסגעדרייט פון אײַערע הענט? איר האָט אים פארזען, און ער איז דורכגעפאָרן אף זײַן אווטאָמאָביל פארבײַ אלע אײַערע פּאָסטנס און קאראולן.

און פאר דער צײַט, וואָס איר קוויקט זיך דאָ מיט אײַערע רעדעס, פלעסקערײַען און פּײַפערײַען, גייט שוין דאָרטן קע־רענסקי געוויס אף פעטראָגראד. און מיט אים גייען די פּאָלקן.

פון גאטשינע, קראסנע סעלאָ, צארסקע סעלאָ און פון פּעטערהאָף.

און ווײַטער זײַנען גרייט די II, III, IV און אלע איבערי־קע ארמייען פון פראָנט צו גיין אף פּעטראָגראד. ווער איר דען קענען זיך שטעלן קעגן זיי?

דער צוזאמענפאָר פון די ראטן ווארט מיט אומרו, וואָס וועלן זאָגן די פראָנטאָוויקעס אליין, די פאָרשטייער פון די פראָנט־ארמייען. קען דאָס זײַן, זיי זאָלן גיין מיט די עסערן און מיט קערענסקין? צי קען דען געמאָלט זײַן, אז זיי זאָלן פּויעלן בא זיך אומצוברענגען מיט זייערע ביקסן די ערשטע סאָוועטן־רעפּובליק?

צי איז דען מעגלעך, אז זיי זאָלן ניט פארשטיין, אז נאָר די ראטנמאכט קען פארענדיקן די מילכאָמע, אז נאָר די ראטנ־מאכט קען ראטעווען פון אומקום די ארמיי און דאָס לאנד און אויסבויען א נײַע נאָך ניט געזעענע מעלוכע, ווו די ארבע־טער און פּויערים וועלן ארבעטן נאָר פאר זיך אליין, און ניט פאר די בורזשויען?

און אָט גייט ארויף אף דער טריבונע א פאָרשטייער פון פראָנט, א סאָלדאט. ער רעדט רויִק און דײַטלעך.

— איר ווארט אף מיליטער פון פראָנט. דאָס מיליטער גייט שוין; אָבער ניט אף דערשטיקן פּעטראָגראד, נאָר פארקערט, אים צו הילף. די לעטישע פּאָלקן שנײַדן איבער קערענסקין דעם וועג. איצט איז קערענסקי ווי אין צוואנגען: צווישן פּעטראָגראד און צווישן די רויטע לעטישע פּאָלקן!

נאָך אים איז ארויף א סאָלדאט מיט א פארמאטערטן פּאָנעם און מיט א הייזעריקער שטים געזאָגט:

— איך רעד אין נאָמען פון די, וואָס ליגן שוין דרײַ יאָר אין די אָקאָפּעס, ווי אין קווּאָרים, איך רעד אין נאָמען פון

פראָנט. די אײַנוווינער פון די אָקאָפּעס וואַרטן שוין מיט אומ־געדולד, ווען וועט מען שוין איבערגעבן די מאַכט אין די הענט פון די ראַטן.

קערענסקי איז דערווײַל געקומען צו פליִען מיט זײַן אווטאָ־מאָביל קיין פּסקאָוו צום גענעראַל טשערעמיסאָוו.

— גענעראַל, — האָט געזאָגט קערענסקי, — באַפוילט דער אַרמיי זי זאָל מיט מיר גיין אָפּ פּעטראָגראַד.

— די אַרמיי וועט מיט אײַך ניט גיין, — האָט געענטפערט טשערעמיסאָוו. — אויב איר ווילט ניט, אַז די סאָלדאַטן זאָלן אײַך אַרעסטירן, טאָ אַנטלויפט פונדאַנען!

און קערענסקי איז אַוועקגעפלויגן קיין אָסטראָוו: זוכן געטרײַע מיליטער־טיילן.

—

## דער ראַטן-צוזאַמענפאָר נעמט די מאַכט

א מענטש מיט א שטײנערנעם פּאָנעם און מיט שווערער סינע אין די אויגן האָט גערעדט:

— אין נאָמען פון דער שטאַרקסטער אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד, אין נאָמען פון די אײַזנבאַן־אַרבעטער, פאָדער איך איר זאָלט מיר געבן א וואָרט, און איך זאָג אײַך: די אײַזנבאַן־אַרבעטער זײַנען קעגן אײַך, פונקט ווי זיי זײַנען קעגן קערענ־סקין. מיר וועלן ניט דורכלאָזן קיין איין צוג אײַערן. מיר וועלן אויך ניט דורכלאָזן קערענסקיס צוגן. מיר וואַרטן, אַז די באָלשעוויקעס זאָלן גיין אָפּ האַנאָכעס. און אויב איר ווילט ניט גיין אָפּ קיין האַנאָכעס, וועלן מיר אָפּשטעלן די צוגן אין גאַנצן לאַנד, און מיר וועלן איבערלאָזן די שטאָט אָן ברויט. געדענקט, די אײַזנבאַן־וועגן זײַנען בא אונדז אין די הענט.

א פאַרסאַפּעטער, א פאַרשפּריצטער מיט בלאָטע האָט זיך דורכגעשפּאַרט דורכן אוילעם דער קאָמיסאַר, וואָס איז נאָר־וואָס געקומען פון צאַרסקע סעלאָ.

— כאַווייַרים, דאָס מיליטער פון צאַרסקע סעלאָ שטייט בײַ די טויערן פון פּעטראָגראַד, גרייט צו פאַרטיידיקן די ראַטן און דעם מיליטער־רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט. פון פראָנט זײַנען אָנגעקומען די מאָטאָציקליסטן. זיי זײַנען אויך מיט אונדז.

פינף אזייגער מיט זיבעצן מינוט אינדערפרי האָט איינער זייער א מידער מענטש מיט א פּירקאַנטיקן פּאָנעם איבערגעלייענט אינדערהויך א טעלעגראַמע:

„די XII־טע אַרמיי שיקט פון צאָפן־פראָנט א גרוס דעם צוזאַמענפאָר פון די ראַטן און מעלדעט, אז זי האָט אויסגעוויילט א מיליטער־רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט, וואָס האָט גענומען אױף זיך די קאָמאַנדירונג אַפן צאָפן־פראָנט“.

זעקס אזייגער אינדערפרי האָבן די מיטגלידער פון ראַטן־צוזאַמענפאָר געוועקט די שלעפעריקע טראַמוויי־פירערס, זיך אַרײַנגעזעצט אין די טראַמווײַען און זיך פאַנאַנדערגעפאָרן אַהיים.

## דער אופרוף פונעם ראַטן־צוזאַמענפאָר

דעם 26־טן אָקטיאַבער האָבן שוין אַלע געוווּסט, אז דער ראַטן־צוזאַמענפאָר האָט גענומען אין זײַנע הענט די מאַכט איבערן לאַנד.

דער ראַטן־צוזאַמענפאָר האָט זיך געווענדעט צו אַלע אַרבעטער, סאָלדאַטן און פּויערים:

— קיין צײַטווײַליקע רעגירונג איז שוין מער ניטאָ. ס׳איז פאַראַן א ראַטנמאַכט.

— שאָלעם צו אלע פעלקער, און באלדיקער וואָפן־שטיל־שטאנד אפ אלע פראָנטן.

— די פויערים — זײַנען די באלעבאטים פון דער ערד, די ארבעטער — זײַנען די באלעבאטים פון די פאבריקן.

— סאָלדאטן, גיט אכטונג אין די אָקאָפּעס. זײַט אפ דער וואך! איר פארטיידיקט איצט ניט קיין בורזשואזיע, נאָר די רעוואָליוציע. מיר וועלן געבן אײַך און אײַערע פאמיליעס ברויט, קליידער און שיך, אלץ, וואָס מיר וועלן צונעמען בא די רײַכע, איז אײַערס.

— אײַזנבאן־ארבעטער, שטעלט אָפּ אלע קערענסקיס צוגן מיטן מיליטער, וואָס ער שיקט אפ פּעטראָגראַד.

— סאָלדאטן, ארבעטער און אָנגעשטעלטע! אין אײַערע הענט איז דער גורל פון דער רעוואָליוציע!

## דער פאָרזיצער פון ראטפאָלקאָם

דעם 26־טן אָקטיאבער, נײַן אזייגער אינאָוונט, האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע זיצונג פונעם ראטן־צוזאמענפאָר. אָט וואָס דזשאָן ריד דערציילט וועגן דער זיצונג:

„לענין איז ארויסגעטראָטן. מיט איין האנט האָט ער זיך אָנגעהאלטן פעסט אָן דעם פּיופּיטער און מיט זײַנע קליינע אויגן האָט ער באטראכט דעם עולם; ער איז געשטאנען און געווארט, ניט וועדנדיק קיין אכט אפ די היספּײַלעסדיקע אויסגעשרייען, וואָס האָבן זיך געצויגן עטלעכע מינוט.

אז דער עולם איז שטילער געוואָרן, האָט ער פּאָשעט א זאָג געטאָן:

— איצט נעמען מיר זיך בויען א סאָציאליסטישע אָרדענונג.

די וועריטער האָבן ווידער ארויסגערופן א כוואליע באַ־גײַסטערטע אויסגעשרייען.

— אין דער ערשטער רײ דארפן מיר פאָרלייגן שאָלעם די אלע פעלקער, וואָס האלטן מילכאָמע.

איינשטימיק זײַנען אָנגענומען געוואָרן די גרונט־געזעצן וועגן שאָלעם, ערד און מאכט. א וואלד הענט האָט זיך אופגע־הויבן ארויף. מע האָט געגעדט ווינציק: יעדערער ניט מער פון דרײַ מינוט. און פון וואָס איז געווען צו ריידן: אלע האָבן געוווּסט, וואָס צו טון, און אלע האָבן געוווּסט, אז די פאָבריקע נאכט האָט זיי צונויפגעבונדן אלע אינײנעם.

מע האָט איבערגעלייענט און באשטעטיקט דאָס צעטל פון דער נײַער רעגירונג. דער פאָרזיצער פון ראט פון די פאָלקס־קאָמיסארן איז — לענין. און דערנאָך האָבן אלע מיטאמאָל אָנגע־הויבן זינגען דעם אינטערנאציאָנאל: עס איז דאָך טאקע שוין געקומען „דער אנטשיידענער שטרײַט".

פון דענסטמאָל אָן זינגט מען דעם רעפרען פון דעם אינ־טערנאציאָנאל אזוי:

„דאָס איז שוין אונדזער לעצטער און אנטשיידענער שטרײַט".

און פריִער פלעג מען זינגען:

„דאָס וועט זײַן אונדזער לעצטער און אנטשיידענער שטרײַט".

---

# V. די רעוואָליוציע אין געפּאר

## צווישן סאָנים

לאָמיר זיך פאָרשטעלן אפ א מינוט די מענטשן, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער זיצונג אין דער נאכט פון 25־טן אפן 26־טן אָקטיאבער אין דעם גרויסן זאל פון סמאָלנע.

ווער זײַנען זיי? — ארבעטער, סאָלדאטן, מאטראָסן און פויערים. די, וואָס האָבן זייער גאנצן לעבן זיך אונטערגעוואָרפן אונטער יענעמס ווילן. אייניקע האָבן געליטן נויט, אנדערע האָבן געליטן פון די אָפיצערן, און די דריטע פון די דײַטשישע קוילן. מע האָט זיי שטענדיק געצוווּנגען שווײַגן.

שטענדיק האָט נמען אלע איניאָנים פון לאנד באשלאָסן אָן זייער וויסן, אָן זייער מיינונג.

האָט די צארישע רעגירונג געפרעגט באַם פאָלק, ווען זי האָט אָנגעהויבן די מילכאָמע מיט דײַטשלאנד? האָט זי זיך דען געייצעט מיטן פויערטום, ווען זי האָט ארויסגעגעבן אירע געזעצן וועגן דער ערד? האָבן דען ווען געפרעגט די פאבריקאנטן בא די ארבעטער, אז זיי פלעגן באשטימען די ארבעטער דעם ארבעט־לוין, אָדער ווען זיי פלעגן אָפּזאָגן ארבעטער פון זאוואָד?

ניין, די צארישע רעגירונג און די בורזשואזיע האָבן געהאלטן, אז קלערן וועגן מעלוכע־איניאָנים און באשטימען די

מעלוכע־איניאָנים קענען נאָר זיי. האָבן זיי טאַקע אַזוי געטאָן און באַשלאָסן, אַז די ערד געהער צו די גוטבאַזיצער און די פאַבריקן צו די קאַפּיטאַליסטן; די סאָלדאַטן האָבן מילכאָמע געהאַלטן, און דעם רעווועך פון דער מילכאָמע האָבן באַקומען די קאַפּיטאַליסטן. דאָס פאָלק האָט נאָר ווי קנעכט געדאַרפט אַרבעטן, טון אַלץ, וואָס מע הייסט אים, ניט פרעגן קיין קאַשעס.

אין דער־אָ נאַכט האָבן די אַרבעטער, סאָלדאַטן, מאַטראָסן און פּויערים צום ערשטן מאָל אַליין באַשלאָסן זייערע איניאָנים און די סאַמע וויכטיקסטע מעלוכע־פראַגעס: וועמען געהער די ערד און די פאַבריקן, ווער דאַרף אָנפירן מיטן לאַנד און וויאַזוי גיכער צו פאַרענדיקן מיט דער מילכאָמע.

א גוואַלדיקע פאַראַנטוואָרטלעכע מאַכט האָבן זיי גענומען אָפּ זיך. זיי נאַרן זיך ניט אָפּ. זיי ווייסן גוט, ווי געפערלעך ס׳איז איצט נעמען די מאַכט אין די הענט: כורבן, הונגער און טויט איז אַרום פּעטראָגראַד און איבערן גאַנצן לאַנד. זיי ווייסן, אַז די גענעראַלן, אָפיצערן און יונקערס האָבן פיינט מיט א וועלפישער סינע די יונגע אַרבעטער־מאַכט.

און אפן פראָנט איז די מאַכט נאָך בא די גענעראַלן אין די הענט. און וואָס קען טאַקע טון אַן אַרמיי אָן אָפיצערן?

די אַלטע באַאַמטע באַהאַלטן די וויכטיקסטע פּאַפּירן און דאָס געלט. זיי זאָגן: „מיר וואַשן אָפּ אונדזערע הענט און גייען אָפּ אין א זייַט; באַגייט זיך שוין, ווי עס איז, אָן אונדז״.

קערענסקי זאַמלט מיליטער און קאָזאַקן און גייט אָפּ פּע־טראָגראַד. און רעדלפירער פון די אייַזנבאַנער ווילן ניט דורכלאָזן די ראַטן־צוגן. קעדיי א ריר צו טון אַ צוג, מוז מען אַלעמאָל זיי אַרעסטירן און דראָען מיט צעשיסן.

דאָס גאַנצע לאַנד איז כאָרעוו. דאָס סאַמע נייטיקסטע פעלט. דער הונגער איז שוין לעבן די טויערן פון פעטראָגראַד, דער הונגער קלאַפּט אין אַלע טירן.

און דאָרט ווײַטער שטייען די ריזיקע דײַטשישע כאַיאָלעס. מיליאָנען סאָנים רוקן זיך ווי אַ מאַשין, סאָנים אין קאַסקעס, מיט ביקסן, מיט קוילנוואַרפערס, מיט האַרמאַטן. ס׳פירן מיט זיי אָן די דײַטשישע גענעראַלן. זיי קענען יעדער מינוט געבן אַ סיגנאַל אָנצופאַלן, צעטרעטן, צעשיסן די רעוואָ־ליוציע.

און נאָך ווײַטער: איבער דער גאַנצער וועלט איז די מאַכט בײַ די גוטבאַזיצער און בײַ די קאַפּיטאַליסטן אין די הענט.

אין אַלע לענדער זינגט מען „בּאָזשע, צאַריאַ כראַני״ — יע־דער לאַנד אויף זײַן שטייגער. אומעטום זײַנען נאָך די אַרבע־טער און די פּויערים פאַרקוועטשט אין אַן אײַזערנעם פויסט

איבער דער גאַנצער וועלט דערציילן טויזנטער צײַטונגען רעכילעס און זיי לאַכן אָפּ פון דער ראַטנמאַכט און פון די מענטשן, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט אין סמאָלנע.

און אפילו די געוועזענע מיניסטאָרן פון דער צײַטווײַלי־ליקער רעגירונג, וואָס זיצן איצט אין דער טורמע פון פעטראָ־פּאַוולאָווער פעסטונג, זאָרגן ניט. זיי האָבן גענומען אַ קליין שטיקעלע פּאַפּיר און שטעלן אויף אים אַלע טאָג אַ ציי־לעמל.

און אַז דער קאָמיסאַר פרעגט בײַ זיי: „וואָס טוט איר?״ — ענטפערן זיי: „מיר ווילן פאַרצייכענען מיט ציילעמלעך, וויפל טעג וועט זיך האַלטן די ראַטנמאַכט״.

דער קאָמיסאַר האָט געענטפערט:

— דאָס שטיקל פּאַפּיר איז צו קליין פאַר דעם. ס׳איז אפילו

צו קליינ די ווענט פונ אייַערע קאמערנ. ס׳וועלנ אייַך אויכ ניט קלעקנ אפילע די ווענט פונ אלע פעטראָגראַדער הייַזער.

## מיט אָנגעגליטנ אייַזנ

איבערנ שטאָט האָבנ זיכ ארומגעדרייט קאָנטער־רעוואָליוציאָנערנ. דאמענ פלעגנ זיכ ארומקלייַבנ ארומ די סאָוועטישע צייַטונג-טרעגער אונ פלעגנ זיכ סטארענ כאָטש מיטנ זאָנטיק זיי א קלאפ טונ.

אפ וואסיליעווער אינדזל האָט א סאָלדאטישע טייל צעראַבירט א ווייַנקעלער, זיכ אָנגעשיקערט אונ גענומענ שיסנ אפ דער רויטער גווארדיע.

— אהא, ס׳הייבנ זיכ שוינ אָנ אומאָרדענונגענ אונ פאָגראָמענ!

האָבנ זיכ געפרייט די סאָנימ פונ דער רעוואָליוציע.

— מיט גליִענדיקנ אייַזנ דארפ מענ אויסברענענ די שיקרעס אונ צעלאָזנקייַט, — האָט מענ גערעדט אינ ראט. — די סאָנימ רינגלענ אונדז ארומ פונ אלע זייַטנ אונ שארפנ די ציינ אפ פעטראָגראַד.

— מע דארפ די ווייַנקעלערס אופרייַסנ מיט דינאמיט, — האָבנ אייניקע באשלאָסנ, אָבער אנדערע האָבנ געענפערט: — מיט דינאמיט טויג ניט, מע קענ נאָכ צעשעדיקנ שכייניִשע הייַזער.

האָט מענ אוועקגעשטעלט לעבנ די ווייַנקעלערס רויטגווארדייער אונ מ׳האָט זיי באפוילנ: דעמ ווייַנ אינ טייַכ ארייַנ!

אונ פונ הונדערטער טויזנטער פלעשער אונ פעסער האָט זיכ געגאָסנ ווייַנ אינ דער טייַכ נעווא ארייַנ.

## א קוואַרטיר פון קאָנטער־רעוואָליוציאָנערן

צו דזשאָן רידן איז צוגעגאַנגען אַ באַקאַנטער עסער.

— איך קען אײַך באַווײַזן אונדזער געהיימע קוואַרטיר. איר וועט אונדז ניט אויסגעבן?

— ניין.

זיי זײַנען אַוועק איבער נעווסקע, אַרײַן אין אַ שטוב און אָנגעקלאַפּט מיט אַן אָפּגערעדטן צייכן אין טיר. אַ יונגע באַלע־באָסטע האָט זיי אופגעעפנט די טיר און זיי אַרײַנגעלאָזט אין אַ פּוסטן צימער.

— ס'איז אונדזעריקע, — האָט געזאָגט די באַלעבאָסטע.

איז פון הינטער דער פּאָרטיערע באַם פענצטער אַרויס אַן אָפיצער; ס'האָט זיך אופגעעפנט די טיר פון שאַפע און פון־דאָרטן איז אויך אַרויסגעקראָכן אַן אָפיצער. ס'האָבן זיך אַ באַ־ווײַזן געטאָן נאָך אָפיצערן פון זייערע באַהעלטענישן.

— די באָלשעוויקעס שיסן אונדז ווו זיי פּאַקן אונדז נאָר, — האָבן זיי געגעבן צו פאַרשטיין דזשאָן רידן. — אָבער מיר דרימ־לען אויך ניט. מיר גרייטן זיך אַראָפּצוואַרפן די באָלשעוויקעס. אין מאָסקווע גייט נאָך אַ קאַמף!

אין דער מינוט האָט דזשאָן ריד דערזען אין דער האַלב־געעפנטער טיר, ווי אין וואַנע־צימער זיצט אַף אַ קליינע בענקעלע אַ גראָבער אָפיצער און שרײַבט עפּעס אין אַ טאַשן־ביכל.

דאָס איז געווען דער פּאָלקאָווניק פּאָלקאָווניקאָוו. דער וואַנע־צימער איז געווען זײַן קאַבינעט.

## אַפן הויפּט-טעלעגראַף

דעם 28־טן אָקטיאַבער האָבן די יונקערס געפּרוווט מאַכן אַ בונט. זיי זײַנען אַף אַ בראָנעוויק אַוועקגעפאָרן צום הויפּט־טע־

לעגראַפֿ—אַרויסטרײַבן פֿונדאָרטן די באָלשעוויקעס. די מאַטראָסן אָבער האָבן גענומען שיסן אויפֿן בראָנעוויק פֿון הינטער דעם האָלץ, וואָס איז געלעגן אויף איסאַקייעווער פּלאַץ.

— שנײַד אײַן די רעדער אַרײַן, נאָר אַזוי וועסטו אים נעמען!— האָט געשריגן אַ געניטער מאַטראָס זײַנע כאַווייריִם.

און טאַקע, די מאַטראָסן האָבן צעלעכערט די שינעס און פֿאַרנומען די יונקערס אין געפֿענקעניש.

די נאַכט, וואָס אַנטקעגן דעם 29־טן אָקטיאַבער, האָט דער קאָמיסאַר פֿון מיליטער־רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט אויפֿן הויפּט־טעלעגראַף באַקומען זייער אַ וויכטיקע טעלעגראַמע פֿון מאָס־קווע:

„דער מאָסקווער ראַט בעט עקסטרע אַרויסשיקן הילף פֿון פּעטראָגראַד“.

— מע דאַרף טייקעף פֿאָרן מיט דער טעלעגראַמע קיין סמאָלנע,— האָט דער קאָמיסאַר באַשלאָסן.

נאָר דער שאָפֿער האָט געזאָגט:

— אין שטאָט שיסט מען, מיר איז מײַן לעבן טײַערער פֿון אײַער טעלעגראַמע.

— אויב ס׳איז אײַך טײַער דאָס לעבן, טאָ פֿירט טאַקע אָפּ די טעלעגראַמע קיין סמאָלנע,— האָט געזאָגט דער קאָמיסאַר, און האָט צוגעשטעלט דעם רעוואָלווער צום שאָפֿערס שלייף.

די טעלעגראַמע איז צוגעשטעלט געוואָרן צו דער צײַט אין סמאָלנע.

## קאָמיסאַרן און קאָמיסאַריאַטן

אין אַלע קאָמיסאַריאַטן זײַנען ניט געווען קיין מענטשן. די קאָמיסאַרן זײַנען געזעסן אין פּוסטע צימערן, איבער די

קאָרידאָרן האָבן אומגעשפּאַנט רויטגווארדייער. און קיין אַנגעשטעלטע זײַנען ניט געווען.

אַז די קאָמיסארן זײַנען צום ערשטן מאָל אַרײַנגעקומען אין דער געבײַדע פונעם מיניסטעריום, זײַנען די באַאַמטע אַנטלאָפן פון זיי, ווי פון קרעציקע. אַן אַנדערש מאָל פלעגן די באַאַמטע באַגעגענען די פאָרשטייער פון דער ראַטנמאַכט מיט א פײַפערײַ, אָדער מיט א שווײַגן, און אַף קיין פראַגע ניט געענטפערט.

אַנדערע באַאַמטע האָבן זיך געבעטן:

— שטעלט צו אונדז צו רויטגווארדייער, וועלן מיר זאָגן, אַז מיר זײַנען מיט גוואַלד געצוווּנגען געווען צו אַרבעטן בא די באָלשעוויקעס, און קיינער וועט אונדז דעמאָלט אין דעם ניט באַשולדיקן.

די באַאַמטע האָבן נאָך אַלץ געקלערט:

אַז טאָמער קערט זיך אום קערענסקי? וואָס וועלן מיר אים ענטפערן?

## לענינס צימער

אין סאַמע עק פונעם לאַנגן סמאָלנער קאָרידאָר, אין דער לינקער זײַט, געפינט זיך א קליין צימערל. אין דעם צימערל האָט ביזן פּערצנטן יאָר געוווינט די קלאַסנע דאַמע פון סמאָל־נער אינסטיטוט. און אין 17־טן יאָר, נאָך אָקטיאַבער האָט אין אים געאַרבעט לענין. הינטער א הילצערנעם ווענטל איז גע־שטאַנען א בעט: לענין פלעגט נעכטיקן אין סמאָלנע.

דער מיליטער־רעוואָליוציאָנערער קאָמיטעט האָט זיך געפו־נען אַפן צווייטן עק קאָרידאָר. לענין פלעגט שפּאַסן: ס'וואָלט

גוט געוועג לאָזג וועליסאָפּעדיסטג איבערג קאָרידאָר, וואָלטג זיי איבערגעפֿירט די צעטעלעך.

נאָר אנשטאָט די וועליסאָפּעדיסטג האָבג זיך ארומגעטראָגג איבערג קאָרידאָר מאטראָסג, אוג זיי פֿלעגג איבערגעבג לענינס צעטעלעך: קליינע שטיקעלעך פּאפּיר מיט א פּאָר קלאָרע אוג שטארקע פֿראזעס, די וויכטיקערע ווערטער פֿלעגט ער אונטער־שטרײַכג מיט צוויי אָדער מיט דרײַ פּאסיקלעך.

אנדערע קאָמיסארג פֿלעגג זיך פֿארלירג אוג פֿלעגג זיך קלאָגג פֿאר לענינען:

— אלע קוקג אף אונדז בייז ווי די וועלף; אומעטום איז נאָר סינע. באפֿרײַט אונדז פֿוג דער ארבעט, סײַווי קענעג מיר גאָרניט נישט אופֿטוג, קיינ וואנט וועסטו מיטג שטערג ניט דורכברעכג.

— איך וועל אײַך איבערגעבג צום פּארטיי־געריכט. מיר וועלג אײַך צעשיסג. איך באפֿויל טוג אײַער ארבעט,— האָט לעניג געענטפֿערט.

---

# VI. דער קאמף פאר פעטראָגראד

## אפן וועג קיין פולקאָוואָ

קערענסקי איז געגאנגען מיט קאָזאקן אפ פעטראָגראד. „די צײַטווײַליקע רעגירונג איז נאָך ניט אראָפּגעוואָרפן,— האָט ער אלעמען געטרייסט,— ניין, מע האָט זי נאָר מיט גוואלד ארויסגעטריבן פון ווינטער־פּאלאץ און זי ארײַנגעזעצט אין פעטראָפּאוולאָווער פעסטונג. סאָלדאטן און קאָזאקן! שיקט צו צו מיר אײַערע פארשטייער, איך זאָל וויסן, ווער עס איז א פארעטער און ווער ניט, מע זאָל צופעליק קיין אומזיסט בלוט ניט פארגיסן".

אזוי האָט גערעדט קערענסקי, אזוי האָט אויך גערעדט דער קאָמאנדיר פון זײַן ארמיי, דער גענעראל קראסנאָוו.

און דער מיליטער־רעוואָליוציאָנערער קאָמיטעט האָט אים א רוק געטאָן אנטקעגן די רויטע גווארדיע, סאָלדאטן און מאטראָסן, הארמאטן, קוילנווארפערס און בראָנעוויקעס. אפ יעדן פאל האָט מען מיטגענומען לאָפּאטעס אָפּגראָבן טראנ־שייען אין פעטראָגראד, אויב קערענסקי וועט זיך דורכרײַסן.

דזשאָן ריד איז שטענדיק געווען דאָרט, ווו ס'געגאנגען א שלאכט.

ווען די רעוואָליוציע האָט געזיגט אין פעטראָגראד, און דער קאמף קעגן קערענסקין איז נאָך געגאנגען לעבן פעטראָ־

גראַד, בײַ פּולקאָוואָ, איז דזשאָן ריד אוועקגעפֿאָרן אַהינצו. אָט ווי ער דערציילט וועגן דעם:

„אַז מיר זײַנען דורכגעפֿאָרן די גרויסע שטיינערנע אַרקע פֿון די באַגילדטע מאָסקווער טויערן מיט די קייזערלעכע אָד־לערס און קייזערלעכע נעמען, האָבן מיר זיך אָפּגעכאַפּט אַוועק־געלאָזן מיטן גלײַכן, ברייטן שאָסיי, וואָס איז שוין געווען גרוילעך פֿונעם ערשטן שניי.

דער שאָסיי איז געווען פֿול מיט אַ זינגענדיקן אוילעם רויטגוואַרדייער, וואָס האָבן זיך געלאָזט צופֿוס אויפֿן רעוואָליו־ציע־פֿראָנט.

צוריק צום שטאָט זײַנען געגאַנגען מענטשן מיט גרויסע פּענעמער, באַשפּריצט מיט בלאָטע. אין גרעסטן טייל זייער יונגע.

פֿרויען מיט רידלען אין די הענט, אַנדערע מיט ביקסן און פּאַטראָנעס, אַנדערע מיט אַ רויטן קרייץ אויפֿן אָרבל. דאָס זײַ־נען געווען פֿרויען אויסגעמאַטערטע פֿון שווערער מי, דאָס זײַנען געווען די פֿרויען פֿון די קעלערס.

די סאָלדאַטישע אָטריאַדן זײַנען געגאַנגען אין פֿוס און האָבן כאַוועריש געשפּאַסט פֿון די רויטגוואַרדייער; ס׳זײַנען געגאַנגען מאַטראָסן מיט ערנסטע פּענעמער; ס׳האָבן זיך אַפֿילע קינדער געשלעפּט מיט טאָרבעלעך עסן פֿאַר די פֿאָ־טערס און מוטערס. אַלע, וואָס זײַנען געגאַנגען פֿאָרויס און די אַלע, וואָס זײַנען געגאַנגען צוריק, האָבן געקנעטן די גרויסע בלאָ־טע אויפֿן דעם שטיינערנעם בּרוק. מיר זײַנען דורכגעפֿאָרן פֿאַרבײַ די האַרמאַטן, וואָס האָבן זיך מיט גרויס ראַש געשלעפּט אויפֿן דאָרעם מיט זייערע אַלע פּולווער־קעסטלעך. די לאַסט־אַווטאָ־מאָבילן מיט באַוואָפֿנטע מענטשן האָבן אַרומגעיאָגט הין און צוריק.

פארבײַ אונדז זײַנען צוגעפאָרן פון שלאכטפעלד סאניטאַ־
רע קאַרעטעס, איבערגעפילט מיט פארוווּנדעטע; איינמאָל זײַ־
נען מיר פאַרבײַגעפאָרן א פויערשע פור, וואָס האָט זיך מיט א
סקריפּ פּאַמעלעך געשלעפּט אין שטאָט אַרײַן, — אף דער פור
איז געזעסן א יינגעלע בלייכער ווי ליים, צונויפגעדרייט אף
זײַן צעריסענעם בויך, און האָט געשריִען.

אף די פעלדער, אין ביידע זײַטן שאָסיי, האָבן יונגע און
אַלטע פרויען געגראָבן טראנשייען און דורכגעצויגן דראָט־
פאַרצוימונגען".

## אין פּולקאָוואָ

דעם 28־טן אָקטיאבער איז דיבענקאָ און אַנטאָנאָוו־אָווסייענ־
קאָ געפלויגן אף אַן אוטאָמאָביל אין צאַרסקע סעלאָ. דאָרט
האָט זיך געפונען דער שטאב פון דער סאָוועטישער אַרמיי
וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער אָפּעראציע קעגן קערענסקין.

ווי זיי האָבן נאָר באַוויזן אַרויסצופאָרן פון שטאָט, האָט זיך
דער אוטאָמאָביל צעבראָכן. וואָס טוט מען דאָ? יעדער מינוט
איז טײַער!

און אַנטקעגן פאָרט עפּעס אַן אוטאָמאָביל. אין אוטאָ זיצט
עפּעס זייער א פֿײַן־אָנגעטאָנענער הער.

— איר וועט דערלויבן צופאָרן אין אײַער אוטאָ ביז צאַרסקע?
מיר וועלן פאַרשרײַבן אײַער אַדרעס און וועלן אײַך אומקערן
דעם אוטאָמאָביל.

— דערלויבט, — זאָגט דער הער, — איך בין דער איטאַלייני־
שער קאָנסול.

— נו, וואָס זאָל מען טון? ס'א רעוואָליוציע־צײַט, ס'איז זייער
עקסטרע.

דער קאָנסול האָט זיך אַביסל א קרימ געטונ אונ איז ארויס פונעמ אווטאָמאָביל. דיבֿענקאָ אונ אנטאָנאָוו־אָווסייענקאָ זײַנען אוועקגעפאָרנ ווײַטער.

נאָר לעבנ פּולקאָוואָ האָבנ זיי זיך דערוווּסט, אז קערענסקיס קאזאקנ האָבנ שוינ פארנומענ צארסקע סעלאָ. דער סאָוועטישער שטאב האָט זיך געפונענ אינ פּולקאָוואָ אינ א פּויערישנ שטיבל. א מענטש אינ א מיליטער־פאָרמ איז געזעסנ באמ טיש אונ מיט פארלאָרנקײַט געפירט מיטנ פינגער איבער דער מאפּע.

— בא קערענסקינ איז דאָ א פאנצערצוג, הארמאטנ אונ אסאך קאָזאקנ· אונדזער מיליטער טרעט אָפּ, מיר האָבנ שוינ אָפּגעגעבנ גאטשינע אונ צארסקע.

## דער געשפּרעכ פּעטראָגראד — קראָנשטאט

— ס׳רעדט א מיטגליד פונ פּאָלקסקאָמיסאריאט.

— ס׳רעדט א מיטגליד פונ „צענטראָבאלט".

— וואָס הערט זיך נײַס בא אײַכ אינ פּעטראָגראד?

— ס׳פאראנ יעדיִעס, אז קערענסקיס ארמיי האָט פארנומענ גאטשינע, דאָס פּעטראָגראדער מיליטער איז מיד, ס׳איז נייטיק טייקעפדיקע הילפ.

— אונ וואָס נאָכ?

— איכ האָב געוואַרט אפּ אנ ענטפער, אז איר זײַנט גרייט אינ וועג.

— פארשטייט זיכ. וואָס איז דאָ דאָ צו איבערכאזערנ? מיר האָבנ געמאָלדנ וועגנ אונדזער באשלוס — הייסט עס, אז אלצ וועט זײַנ אויסגעפילט.

— קענט איר טייקעפּ שיקנ מינענ־שיפנ צו פּעטראָגראד?

— יאָ.
— צום ווידערזען, גריסט.
— זאָגט אײַער נאָמען.
— לעניִן.
— צום ווידערזען. מיר טרעטן צו אויסצופילן אונדזער פליכט.

## דער ניצאָכן

אין דער נאכט פון 31-טן אָקטיאבער איז אין סמאָלנע אָנגעקומען א טעלעגראמע:

„פעטראָגראד, דעם פאָרזיצער פון ראט פון פאָלקס־קאָמיסארן. אונדזער רעוואָליוציאָנערע ארמיי האָט געווינען און פארנומען צארסקע.

קערענסקיס ארמיי האָט אָפּגעטראָטן אין דער ריכטונג פון פאוולאָווסק II און גאטשינע.

זאָל לעבן די רעוואָליוציע!

פולקאָוואָ 30־טער אָקטיאבער 23 אזייגער מיט 50 מינוט".

און דעם ערשטן נאָיאבער איז פון צארסקע געקומען א צווייטע טעלעגראמע:

„גאטשינע האָט פארנומען א פינלענדישער פאָלק, די קאָזאקן לויפן דעזאָרגאניזירט און ראבירן אפן וועג.

ס'איז אָנגענומען שטרענגע מיטלען צו מאכן א סאָף מיטן ראבעווען. קערענסקי איז אנטלאָפן".

דאָס מאָל איז שוין קערענסקי אנטלאָפן ניט קעדיי צו זאמלען מיליטער. ער איז אנטלאָפן פּאָשעט, קעדיי צו ראטעווען דאָס לעבן: די קאָזאקן האָבן באשלאָסן אים ארויסגעבן און אָפּפירן אים אין סמאָלנע.

## קערענסקי לויפט

אָט ווי ס׳איז פאָרגעקומען.

— גענעראל, — האָט קערענסקי געזאָגט, — איר האָט מיך פאראטן. אײַערע קאָזאקן זאָגן, אז זיי וועלן מיך ארעסטירן און וועלן מיך ארויסגעבן צו די מאטראָסן.

— יאָ, — האָט געענטפערט דער גענעראל קראסנאָוו, — אזוי שמועסט מען: קיינער וויל אײַך ניט אונטערהאלטן.

— די אָפיצערן רעדן אויך אזוי?

— יאָ, די אָפיצערן זײַנען אויך קעגן אײַך.

— וואָס־זשע זאָל איך טון? איך וועל זיך שיסן!

— אויב איר זײַנט אן אָרנטלעכער מענטש, טאָ פאָרט גלײַך, באטאָג, מיט א ווײַסן פלאג קיין פעטראָגראד, און קומט אליין קיין סמאָלנע, איך וועל אײַך מיטגעבן א וואך. מיט אײַך וועט מיטפאָרן א מאטראָס.

— נאָר ניט קיין מאטראָס, זיי זײַנען מײַנע ערגסטע סאָנים.

— איר האָט געפירט א גרויסע שפיל, איז האָט מוט צו טראָגן די פאראנטוואָרטלעכקײַט פאר איר.

— גוט, איך פאָר טייקעף. גיט מיר נאָר א געהעריקע וואך.

און ביז וואנען קראסנאָוו האָט צונויפגעשטעלט א וואך, איז קערענסקי אנטלאָפן געוואָרן פון גאטשינער פאלאץ דורך א געהיימען ארויסגאנג, וואָס אן אָנגעשטעלטער פון פאלאץ האָט אים אָנגעוויזן. קעדיי מע זאָל אים ניט דערקענען, האָט זיך קערענסקי איבערגעטאָן אין א מאטראָסיש רעקל.

# א קינעמאטאָגראַפישער אופנאַם

פון יענער זײַט גאַטשינער פּאלאַץ האָט זיך געוויַיסט דער נאָר־וואָס אויסגעפּאלענער שניי. דער קאָמענדאַנט האָט געוועקט די שלעפעריקע סאָוועטישע קאָמאַנדירן. איינער פון זיי איז דורכגעשלאָפן א גאַנצע נאַכט אין א שטול, א צווייטער — אפן דיוואַן. דאָס איז דאָך געווען די ערשטע נאַכט נאָך אַסאַך שלאָפלאָזע נעכט.

— וואָס איז געשען? — האָבן זיי געפרעגט, אופכאַפנדיק זיך און ארויסגעכאַפּט די רעוואָלווערן.

— אלע דארפן גיין אפן פּלאַץ, עס איז געקומען א קינאָ־אָפּעראַטער, וואַרטן מיר אף אייַך, — האָט געענטפערט דער קאָמענדאַנט.

— וויפל איז דער זייגער?

— ס׳שויִן עלף.

— נו, זיך עס אביסל פארשלאָפן! טייקעף גייען מיר.

אנטקעגן גאַטשינער פּאלאַץ [illegible]טייען אויסגעשטעלט רויט־גווארדייער, מאַטראָסן, און הינ[illegible] [illegible]יי קאָזאַקן און שלאָגלערס.

די קאָזאַקן און שלאָגלערס [illegible]נען געגאַנגען אהער זיך שלאָגן מיטן סאָוועטישן מיליטע[illegible]. נאָר איצט האָבן זיי שאָלעם געמאַכט מיט דער סאָוועטישער ארמיי, און אייניקנעם מיטן סאָ־וועטישן מיליטער האָבן זיי איצט פאָרגעשטעלט דאָס אייַנעמענ צאַרסקע סעלאָ און גאַטשינע. דער קינאָ־אָפּעראַטער האָט דאָס אלץ אראָפּגענומען אף א לענטע, קעדיי דערנאָך דאָס צו באַ־ווייַזן אין אלע שטעט פון רוסלאַנד.

— מיר האָבן קיינמאָל ניט געקלערט, אז מיר וועלן זײַן אפן עקראַן, — האָבן אָנגעקוועלט די רויטגווארדייער.

— און ווער וועט פאָרשטעלן קערענסקין? — האָט געפרעגט א מאטראָס, — א שאָד, וואָס ער איז אנטלאָפן, ער וואָלט איצט פונקט צונוץ געקומען!

א קליין צעשויבערט פארשוינדל מיט א פארטונענעם פּאָנעם סטארעט זיך, דרייט זיך ארום דעם אפאראט און כאזערט אלץ איבער: „צוויי מינוט, צוויי מינוטקעלעך, און ס'וועט זײַן פאר־טיק. אָט נאָך א מינוט. מע קען אָנהייבן?"

אין דעקאבער איז געשלאָסן געוואָרן דער וואָפנשטילשטאנד מיט דײַטשלאנד.

די רעוואָליוציע, וואָס סמאָלנע האָט אופגעהויבן אין פּעט־ראָגראד, האָט געשפּאנט איבער רוסלאנד, פארכאפּנדיק אלץ נײַע און נײַע שטעט און דערפער. זי האָט זיך אויך געגרייט אריבערצוּוואַרפן זיך אין די שכייניש׳ע לענדער.

---

# א י נ ה א ל ט





